ישעיהו שפיגל

# געשטאַלטן און פּראָפילן

ליטעראַרישע עסייען

צווייט בוך




פאַרלאַג „ישראל-בוך"
תל-אביב, תשמ"א — 1980

די עסייען אין דאָזיקן בוך פּרעטענדירן נישט אויף אַן אויסשעפּיקן אַנאַליז פונעם באַהאַנדלטן שרייבערס כוללדיק שאַפן. זיי זענען געשריבן אין אַ גורלדיקער צייט פאַר דער יצירה אין ייִדיש־לשון.

דאָס בוך נעמט־אַרום **די** בעלי־יצירה, וואָס זענען מער נישט מיט אונדז. זייער אַלעמענס טיף־שאַפעריש וואָרט איז אונדז פאַרבליבן בירושה און וועט לייכטן אין דער ייִדיש־ליטעראַטור ווי אַן אומפאַרלעשבאַרער, הייליקער פלאַם פונעם פענאָמען: ייִדיש־לשון און זיין יצירה.

פאַרענדיקט דעם דרוק פונעם צווייטן באַנד אין חודש חשון תשמ״א.

יעקב גלאַטשטיין (1971—1896)

# דער שומר און מבשר

דער שעפער פונעם קלאַסישן עסיי, דער אומשטאַרביקער פראַנצויז מאָנטיין, האָט אין איינעם פון זיינע עסייען, וואָס טראָגט דעם נאָמען „ביכער" — אַנאַליזירנדיק די צוויי גרויסע פּלוטאַרך און סענעקאַ, גע־שריבן, צווישן אַנדערן, אַזוי: „דאָס, וואָס איך גיב דאָ — דאָס זענען בלויז מיינע אייגענע אויסדוקטעמישן, מיט וועלכע איך באַמי זיך נישט צו אַנט־פּלעקן די זאַכן גופא, נייערט צו געבן בלויז זיך אַליין. איך לאָז דאָ רעדן אַנדערע, נישט לויט מיינע מחשבות, נייערט בלויז דורך מיין אָפּקלייב, אַז זיי זאָלן מיר העלפן אין דעם, וואָס איך קען נישט אַזוי גוט זאָגן".

ערגעץ־ווו איז זיך מתוודה יעקב גלאַטשטיין:

„געווען איז מיין טאַטע אַ טייערער ייִד. איך זע זיין שאָטן לעבן מיר. ער האָט אַזוי ווי געהייליקט זיין זון צו דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט געבראַכט אין שטוב אַריין פאַר מיר פּרצן, שלום עליכמען, רייזענען. ער האָט אָנגעקוואָלן ווען איך האָב פאַרגעלייענט פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור. עס זעט מיר אויס, אַז ער האָט געוואָלט האָבן אַ זון אַ ייִדישן שרייבער".

איך מוז עס זאָגן שוין אין סאַמע אָנהייב, אַז בעת כ'האָב אין אַריינפיר פון דאָזיקן עסיי — געבראַכט עטלעכע ציילן פונעם קלוגן, אַלטן מאָנטיין, איז נאָר דערפאַר, וואָס זיי דאַרפן מיר דינען ווי אַ התנצלות, אויב איך וועל מוזן אָנקומען, דאָ און דאָרט, צו פרעמדע מחשבותן, צו ציטאַטן און מקורות — סיי פון יעקב גלאַטשטיינען גופא און סיי פון אַנדערע, כדי צו קענען באַלייכטן אַזאַ פילגעשטאַלטיקע, קאָמפּליצירטע פּערזענלעכקייט, — אַזאַ שיר נישט, וואָלט איך געזאָגט, פענאָמענאַלע דערשיינונג, אַזאַ זעלטענעם ביי אונדז משולח און מליץ־יושר פון ייִדישער

קאָנדענסירטער אַלטער און נייער גייסטיקייט, אַזאַ שומר פון ייִדישער שירה און פּראָזע, אַזאַ פירשפּרעכער פאַר אונדזערע אַלטע ירושה־תמציתן, וואָס ווערן ביי יעקב גלאַטשטיין אויסגעדריקט מיט נאָסטאַלגיע צו שלמות און צו יראת הכבוד פאַרן אמתן, לויטערן, קינסטלערישן וואָרט.

אָבער כדי אַרומצונעמען גלאַטשטיינס בנין, וואָס ער האָט פאַר אונדז אויפגעשטעלט מיט אַזוי פיל רוח הקודש און מיט אַזאַ האַרעפּאַשנעם שווייס און האָרעוואַניע (ער האָט פון זיין אָנקומען קיין אַמעריקע „געאַר־בעט אפשר אין פופציק שעפער — און אין ערגעץ נישט געטויגט" — זאָגט זיך אינעם בוך „שמועסן מיט ייִדישע שרייבער" פון יעקב פּאַט). כדי צו רעדן וועגן גלאַטשטיינען — מוז מען זיך באַנוצן מיט פיל דימענסיעס. ער איז, ווי מיר דוכט זיך, פון די געציילטע ייִדישע שרייבערס, וואָס האָבן אויסגענוצט יעדע ליטעראַריש־קינסטלערישע דימענסיע און איז אַרויס פון איר אַ זיגער, באַנייער און מבשר.

וואָרעם: וואָס איז אייגנטלעך אַזוינס דימענסיע אין שאַפן? — דאָס איז פיל־שטחימדיק און פילפּאַכיק זען און עמפינדן: דאָס איז פיל־שטחימ־דיק און פילפּאַכיק הערן און דערהערן; דאָס איז: נישט קענען די גרענעץ פון קינסטלערישן הונגער און דאָך — אָפּהיטן אין זיין שרייבערישער תאווה דאָס מינדסטע מאָס־שטריכעלע אויף דער גילדענער וואָג, וואָס הוידעט זיך ערגעץ־וווּ צווישן מוח און האַרצן, — די וואָג, וואָס קען אָדער איבערוועגן, אָדער געבן פאַלשע וואָג, יענץ סייסמאָגראַפיש אינערלעך אויג און אויער, וואָס קען איבעריזען אָדער איבערהערן אָדער, חלילה, פאַר־טושן דעם שעפערס קלאָרע, אויסגעבענקטע וויזיע. און ס'איז פאַר מיר תמיד אַ וווּנדער וואָס די פיל־שטחימדיקייט פון יעקב גלאַטשטיינס פּראָצע ווי אַ שרייבער, האָט מיט גאַרנישט פאַרמינערט, אין קיין שום דימענסיע, די נאַטירלעכע געשפּאַנטקייט פון זיין שעפערישן הונגער, נישט אַראָפּגע־נידערט זיין הויכע גייסטיקע קולטור, זיין לשון און סטיל־מייסטערשאַפט, זיין שטיין אויף דער וואַך פון צימצום — אין ליד און אין עסיי, אין דער פּראָזע און אין דער קריטיק, כדי אָנצוקומען צו שלימות פון מחשבה, פון וואָרט און אידייע.

איך וועל נישט איצט — (און ס'איז אויך נישט מעגלעך אין די

איצטיקע ראָמען) — צעגלידערן יעקב גלאַטשטיינס אַלזייטיק שאַפן אין אונדזער ייִדיש־קיניגרייך. און גראַד ווי ס׳איז שווער אַרומצונעמען מיטן אויג די שיינקייט און בונטקייט פון אַ ריזיקן וואַלד — אַזוי איז שווער אַרומצונעמען יעקב גלאַטשטיינס גאַנץ, צעאַקערט שאַפונג־פעלד.

פון די ביז איצט דערשינענע 18 ביכער, 18 קינסטלערישע גילדענע קאָוואַדלעס: פון פּאָעזיע און בעלעטריסטיק, — איבער די עסייען וועגן יצירה און קולטור־פּראָבלעמען, פון די לויטערע קריטישע עסייען וועגן אונדזערע קלאַסיקער ביז צו די היינטצייטיקע ייִדיש־שעפערס — קוקט צו אונדז אַרויס אַ רחבותדיקער פּאַלאַץ מיט אָנגעזאַמלט גייסטיק האָב־און־גוטס, געבויט מיט וואַכזאַמקייט, מיט חכמה און מיט ברכה. מסתם איז אין יעקב גלאַטשטיין פאַראַן אַ ניצוץ פון לובלינער חוזה און פון די חכמי לובלין. פאַרליבט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אין ייִדישער שעפעריש־קייט, מיט דער ליבשאַפט — (זאָל מיר יעקב גלאַטשטיינס נשמה מוחל זיין דאָ דעם אויסדרוק) — פון אַ פּאָמנאַמבוליקער אין בעסטן טייטש פון דאָזיקן וואָרט — איז ער פאַר אונדז געוואָרן אין דער ליטעראַטור דער מבשר, דער שומר און אָפּהיטער פון יעדן טאַלאַנט־ניצוץ, פון יעדער געזונטער ייִדיש־יצירה, — כּדי זיי אויפצוזאַמלען אין אונדזערע צעפאַלענע שייערן, ווו ס׳בלאָזן אַזעלכע חרובדיקע, קאַלטע שטורעם־ווינטן. און ער אַליין, דער לובלינער כּישוף־שמיד, הערט אַלץ נישט אויף צו קאָוועז זיין אייגענעם ווונדערלעכן וואָגן, וואָס לויפט פון די אַמאָליקע „תּנכישע גרויס־טראַקטן״, איבער די יאָרהונדערטער פון בלאָנדזשענישן און זוכענישן, איבער דעם קרעמאַטאָריע־וועג פון אונדזער אומגליקלעכער תּקופה, ביז צו די נייע, געפלאַסטערטע וועגן פון אונדזער ניי היימלאַנד — אָט דאָ, אויף דער דאָזיקער ייִדישער ערד, מיט אונדזער אַלטן ייִדישן בטחון אין אַ בעסערער דאָליע פון אונדזער פאָלק און אין זיין גייסטיקייט.

יעקב גלאַטשטיינס אַרכיטעקטאָניק פון דער שורה אין ליד און אין עסיי — איז תּמיד אַ מין פונקען־ וואַרפעריי, אָנגעלאָדנט מיט אידייע און חלום. בלויז די פונקען־שפּליטערס אַליין זענען מסוגל אָנצוצינדן אונדזער האַרץ און אונדזער מוח מיטן אומפאַרלעשבאַרן פייער, וואָס קומט פון גרויסער קינסטלערישער קראַפט; גלאַטשטיינס דינאַמישע קונסט איז פאַר

אונדז אַ הייסע געזונטע בלוט־כוואַליע, וואָס רייניקט־אָפּ, שפּייזט די פּאַרבאָרגנסטע צעלן און געבערט אין אונדז נייע, אָדער וועקט־אויף שוין לאַנג פאַרשטאָרבענע ייִדישע וועלטן.

ווילט זיך טייל מאָל פרעגן:

— וואָס זענען די כוחות וואָס נערן אונדזער פאָלקס־געניוס פאַר זיין שעפערישער התגלות? ווו איז צו זוכן דעם סוד, למשל, פון יעקב גלאַט־שטיינס קרעאַטיוון, אימפּולסיוון וועלט־באַנעם? פון זיינע גוט־פּלאַנירטע אינספּיראַציעס, יאָ, בפירוש, גוט־פּלאַנירטע, — ווו איז דער מיטאָס פון דאָזיקן מענטשן, וואָס איז פול מיט דיכטערישער פינעזיע, מיט געריייניק־טער אַלט־ייִדישער חכמה, מיט באַכישער ווירטואָזיטעט אַלס מנגן, מיט בעל־שם־טובישער תמימות; מיט זיין הייסער סענסיביליטעט פון די חושים, וואָס זענען געפּאַנגען אין אַלע זיינע שעפערישע דימענסיעס פון בטחון און טיילמאָל אויך פון ביטערן, פאַרצווייפלטן סקעפּטיציזם?

כ׳וועל פּרווון אָנוואַרפן בלויז עטלעכע מחשבות, לכתחילה וועגן גלאַטשטיינס דיכטונג.

די מאַגישע, פּאָעטישע קיך, ווו ס׳ווערט צוגעגרייט דאָס שפּייז פון זיין אימפּולסיווער, נישט־געזעטיקטער, סאָמנאַמבולישער און גלייכצייטיק קאָמענסעקער, געצוימטער קונסט — ווערט ביי אים אָנגעפירט פון אַ בייטש, פון אַן אויג, וואָס איז פון העכסטער, מאָראַלישער קאָנטראָל. דאָס אויג היט די וויזיע, כדי נישט צופיל צו באַשמעלצן און נישט צופיל צו באַוואַסערן, נישט צופיל צו פאַרדיכטן (פון וואָרט געדיכטקייט) און נישט צופיל צו פאַרדינען, (נישט פון וואָרט פאַרדינען אויף יענעמס חשבון) נישט צו פאַררויכערן מיט אויפהענגען פאַלשע הימל־סצענעריעס, נאָר געבן די „איבער אַלע גיפּפלנדיקע רו״ פון געטען דעם אָלימפּיקער — דאָס איז, — מיין איך, דער סוד פון גלאַטשטיינס פּאָעטישער, מאַגישער קיך. אַ פּעסטונג פון קרישטאָלענער פרייהייט — דאָס איז זיין אינערלעכע דיכטערישע וועלט, כדי נישט צו באַנוצן דאָס גרויע, מידע וואָרט „מאָדער־ניזם״, מיט זיינע אַלע נאָכהענגענדיקע פּסיכאָלאָגישע, פילאָזאָפישע צויטן. מיר זענען געפּאַנגען ביי יעקב גלאַטשטיין פון דער האַרמאָניע צווישן דיכטערישן ציל און מיטל. דעם איינאייניציקן געפיל, וואָס ער גיט זיך

איבער אָן רחמנות און מיט טיראַניע — דאָס איז זיין אימאַגינאַציע, אַפילו זי זאָל אים פאַרפירן אין לאַבירינטן, וווּ ס'איז תמיד נאַכט. „אַ גוטע נאַכט, וועלט" הענגט דאָרט ווי דער איינאיינציקער שטערן, וואָס לייכט. ער לייכט ווי „אַ בליץ־לאָמפּ" איבער אונדזער וועלט־פינצטערניש, וואָס זוכט טרייסט, תפילה און רחמים פאַר אַ שיינעם, גוטן הימל איבער אונדזערע קעפּ.

און דאָס אַלץ געשעט דערפאַר, מיר דוכט זיך, וואָס יעקב גלאַטשטיין פאַרמאָגט אין זיינע אַלע שעפערישע דימענסיעס עפּעס פון יענער גליקלעכער האַרמאָניע פון די חכמים: דעם צונויפמיש, די גלייכשאַלטונג, דעם מיזוג פון „קאַלאָס קאַגאַטאָס": וויסן, לעבנס־נסיונות און קינסטלערישן העדאָניזם. זיין ברייטער קריטישער האָריזאָנט, דער לירישער פּען־עסטעט, ווען ער יעטוועדער אַנאַליז דערמאָנט אינעם פראַנצויזסען בעוו און דעם אַמעריקאַנער עמערסאָן. דער זאַפט און די סובסטאַנץ פון זיין פּאָעטישער שורה ליגט נישט, ווי ביי אַנדערע דיכטער, פאַרבאָרגן הינטער זיבן גערונצלטע הויטן און מען דאַרף ערשט ביסלעכווייז אַראָפּוואַרפן אַלע הויטן ביז מען קומט צו צו דער געלייטערטער פּאָעטישער סובסטאַנץ. ביי גלאַטשטיינען איז שוין פון דער ערשטער שורה אָן אַלץ קלאָר, ער הייבט באַלד אויף דעם פאָרהאַנג איבער דער בינע פון זיין ווערק, אַזוי, אַז מיר ווערן תיכף אין זיין ווערק אָדער איידל פאַרוועבט, אָדער שטורמיק פאַרשלונגען, אָדער זינגענדיק פאַרגלעט, אָדער טיף־דנאָיִק אַראָפּגעצויגן אין אים, אַפילו מיט דער טרער. אָבער די טרער גלאַטשטיינס פליסט נישט צו לאַנג אין זיין פּאָעטישער שורה, וואָרעם ער ווייסט, אַז די טרער מוז מאַכן אַ וועג דער לויכטנדיקער, מענטשלעכער, זיגערישער האָפענונג פונעם דיכטער.

פאַראַן אַ מין רזין דרזין, אַ מין מיסטעריע, וואָס באַהויכט יעקב גלאַטשטיינס אייגענעם, יצירהשן צוגאַנג צום שאַפן. און אפשר דערפאַר אויך דערמאָנט דער דיכטער און עסייִסט אליעזר גרינבערג אין זיין עסייאַפשאַצונג פון גלאַטשטיינס לעצט לידער־בוך „פרייד פון ייִדישן וואָרט" די־אָ ווערטער: „בדרך כלל רעגט אים די מיסטעריע, ווי אַזוי אַ טעמע ווערט באַצויגן מיט הויט און ביינער... ווי אַזוי ס'ווערט אין דער טעמע

אריינגעבלאָזן אַ לעבעדיקער, קינסטלערישער אָטעם... דורך ווערטער און צוזאַמענשפּיל פון ווערטער...״. זאָגט ערגעץ־ווו גלאַטשטיין אַליין וועגן זיינע קריטישע עסייען: ״איך שרייב קריטיק בדחילו ורחימו״ אָדער: ״קריטיק קען נישט תמיד אויסהאַלטן די צוואַנג־יאַקע פון פילאָזאָפישער געמיטלעכקייט״. אָבער פונדעסטוועגן וועט איר ביי יעקב גלאַטשטיינען תמיד טרעפן אַ געגוג גרויסן גאָב פון קריטישן מידת הרחמים.

״מיר זענען ליבער — זאָגט ער — פון אַלץ אין דער טרויעריקער וועלט אונדזערער — יידישע שרייבער״. דאָס איז שוין אַ לוי יצחקשער השתפּכות הנפש. אָדער, למשל: ״דער אָפּטימיזם פון שרייבן יידיש איז דאָס ליכטיקסטע וואָס מיר פאַרמאָגן, ווייל די מייסטע יידישע שרייבער באַשיינען אונדזער לשון״. וואָס איך האָב אָבער מורא — זאָגט יעקב גלאַטשטיין — איז גיכער פאַר גראָבן אומדרך־ארץ. מיר האָבן זיך געגוג ליב, אָבער אונדז פעלט אַ ביסל דרך־ארץ איינער פאַרן צווייטן, אי פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. די קלאַסיקער אין ״דער יידישער ליטע־ראַטור זענען געוואָרן קלאַסיקער, ווייל ס׳איז דעמאָלט געווען אַזאַ טיף געפיל פון דרך־ארץ, נישט נאָר פון לייענער צו שרייבער נאָר פון שרייבער — צו שרייבערישע פערזענלעכקייטן. די גאַנצע גרויסע שרייבער־גאַלעריע, וואָס זייערע נעמען קענען מיר אויף אויסנווייניק — איז אַנטשטאַנען מחמת אַן אויפריכטיקן און אָפּשאַצערישן דרך־ארץ, וואָס איז העכער פון ליב־שאַפט״.

צי רעדט נישט דורך די־אָ רייד צו אונדז גלאַטשטיין — דער קרי־טיקער, וואָס נאָר בדחילו ורחימו האָט זיין פעדער, פול מיט דרך־ארץ צום יידישן וואָרט, פאַר אונדז אויפגעשטעלט אַזאַ נאָענטע, וואַרעמע, לעבע־דיקע היים פון יידישן קריטישן עסיי?

דער שעפערישער אָנשטרענג ביים קריטישן אַנאַליז פון אַ ווערק שעפּט זייער אויס די זעלישע און פיזישע כוחות פונעם קריטיקער. דער ווילן צום שרייבן קאָן טיילמאָל שוואַכער ווערן און טיילמאָל ווערן איינ־גאַנצן פאַראַליזירט — אָבער זעט וואָסערע ברכהדיקע כוחות עס נערן דעם שעפערישן יונגן גייסט פון אַזאַ קריטיקער ווי ס׳איז יעקב גלאַטשטייז. פאַר וויפל אומצאָליקע, אפשר הונדערטער, פּאָעטן, פּראָזאַיקער און סתם פען־

מענטשן האָט ער אויפגעבויט אַ באַזונדערן באַלעמער, אָבער ער אַליין, גלאַטשטיין, נייט זיך נישט (און ווי ער זאָגט ערגעץ־ווו) „קיין לאַפּטשעס פון עמעצנס גייסטיקער פּראַצע". וואָרעם די פּערזענלעכקייט גלאַטשטיין ווייסט, אַז דאָס העכסטע ביי אַ שעפערישן מענטשן אין אונדזער היינטיקער צעווירבלטער תקופה איז — דאַוועגען אין עניוות פון אייגענעם מחזור. און ער דאַוונט טאַקע, דער קריטיקער, דיכטער, עסייִסט, בעלעטריסט פון יענעם מחזור, וואָס ער האָט מיטגענומען אין דער וועלט מיט זיך פון לובלין, פון טאַטע־מאַמע־שטוב, ווו „דער שבת איז געווען גרויס — ווי גאַנץ לובלין". ער האָט אים מיטגענומען אינעם לאַנד פון „שרייבערישע פּאַר־איבעלן און פּאַרדרוסן", אָבער זעט וויפל כוחות עס סטייעט אים נאָך אונדז אונטערצוטראָגן זיין וואַרעמע, הומאַניסטישע, פּאַרליבטע, מענטש־לעכע גוט־ברודערשאַפט און אמונה אין אונדזער ייִדיש שאַפן. „די ייִדישע פּאָעזיע האָט דורכגעפירט איר דערהויבענע שליחות, אַפּט אין עלנטער התבודדות. דאָס דיכטערישע וואָרט האָט טייער געהאַלטן אונדזער לשון אַפילו ווען ייִדישע מיילער זענען אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון לעבעדיקן ייִדיש און דערוויטערט געוואָרן פון קוואַל. לאָמיר אויפהערן רעדן פון ייִדיש אין טערמינען פון אייביקייט — לאָמיר בעסער אַריינלייגן די גאַנצע אייביקייט אין דער איצטיקייט".

איך מוז זיך מודה זיין, אַז שרייבנדיק וועגן אַזאַ קאָמפּליצירטער גבירהשער שעפערישער פּערזענלעכקייט ווי ס'איז געווען יעקב גלאַטשטיין, האָב איך נישט וויניק שרייבערישע טרעמע. איך האָב שטאַרק מורא, אַז דאָס געזאָגטע זאָל נישט אַרויסקומען, חלילה, ווי אַ זיבעלע. אָבער אַז איך לייען ווי גלאַטשטיין אַליין זאָגט: „יעדער דיכטער איז דאָך בבחינת יוסף, וואָס וויל דווקא, אַז זיינע נישט־פּאַרגינערישע ברידער זאָלן זיך קומען בוקן צו אים, ערשט אַז די ברידער קומען און בוקן זיך צו אים, ווערט ער ווייך ווי וואַקס און ער דערזעט, אַז דאָס גאַנצע בוקעניש איז ווערט אַ שמעק טאַבאַק", — אַז איך לייען די־אַ ווערטער, פּאַרשווינדט אין מיר דאָס געפיל פון פחד און איך בוק זיך טאַקע צען מאָל טיפער פאַר אונדזער יוסף דיכטער, וואָס האָט געקענט אָנשרייבן די דאָזיקע קהלת־באַפּליגלטע, שיינע, מאָנטייניש ווערטער.

ס׳געשעט טיילמאָל, אַז אַ קריטיקער, רעצענזירנדיק עמעצנס אַ ווערק, דעפינירט אומבאַוווסטזיניק זיין אייגענע שעפערישע געשטאַלט צווישן די שורות. אַזוי געשעט אָפט, אַז גלאַטשטיין גיט אונדז די אייגענע פיזיאָ־גנאָמיע און אַנטפּלעקט פאַר אונדז דעם סוד פון זיין שרייבערישער לאַבאָ־ראַטאָריע. אָט, למשל, רעצענזירנדיק דאָס בוך „רומעניע״ פון שלמה ביקל, זאָגט ער צווישן אַנדערן: „ער (ביקל) מאָביליזירט דעם פולן כוח פון זיין שרייבערישער ענערגיע... ער איז קודם כל אַן עסטעט אין זיין שרייבן... אָבער ער איז אויך דערצו פונדאַמענטאַל... מ׳וועט ביי אים גאָרנישט אַראָפּדינגען פון דעם, פאַרוואָס ער שטעלט זיך איין... הינטער דעם פאַר־זיכטיקן צוזאַמענשטעלער פון שורות איז פאַראַן דער קאָאָרדינירטער שכל הישר, וואָס פירט מיט די שורות״.

צי איז דאָס נישט ווי אַנגעמאָסטן טאַקע פאַר יעקב גלאַטשטיינען אַליין בעת ער פירט מיט דער פען?

איך האָב אין מיין עסיי אויסגענוצט געננג ציטאַטעס אין איינקלאַנג מיטן מאָנטייניסשן עסיי און אַזוי אַרום אויך געלאָזט רעדן אַנדערע. כדאי צו ברענגען נאָך איינאיינציקן ציטאַט וועגן גלאַטשטיינס פּראָזע: „גלאַט־שטיינס פּראָזע איז ווירטואָזיש, שפּעדיק אָנגעלאָדן, אין דער זעלביקער צייט בצימצומדיק. ס׳איז דאָ אַן עלעגאַנטע בויגעוודיקייט און באַטעמטע ווילקלינגענדיקייט אין זיינע שורות... די יאַש־ביכער זענען איבערפולט מיט שפּראַך־מייסטערשאַפט... וויטאַליטעט, לעבעדיקייט, קלאָרקייט פון די באַשרייבונגען און שילדערונגען... גרויס שאַרפקייט און פּרעציזקייט און די ראַפינירט־איראָנישע קלוגשאַפט, וואָס הויערט איבער דעם גאַנצן״.

און אָט קום איך שוין צום סוף פון מיינע מחשבותן. איך מוז אָבער צוריקגיין צום אָנהייב פון מיין עסיי, ווו איך האָב, נישט אָן טרויער, דערמאָנט דעם טאַטן פון יעקב גלאַטשטיין. דער 76־יעריקער טייערער ייִד און טאַטע איז טויט. אָבער די צוואה פון טויטן טאַטן איז מקוים געוואָרן. ער האָט געהייליקט זיין זון פאַר אַ גרויסן שרייבער פון ייִדישן פאָלק.

„איצט זענען מיינע טאַטע־מאַמע באַלוינט —
מיין קאָפּ איז באַקרוינט״

זינגט גלאַטשטיין. און נישט בלויז ער אַליין, דער לובלינער טאַטע, האָט אים געהייליקט. ס'האָבן אים געהייליקט און באַקרוינט אַ סך מיליאָנען טויטע טאַטעס און אויך מיליאָנען פאַרשניטענע. פאַר זיי אַלע וויינט אויס זיינע קינות דאָס לובלינער קינד — יעקב גלאַטשטיין.

אונדזער ייִדיש לשון איז פאַרהייליקט דורכן חורבן און טויט פון אונדזער פאָלק. און אונדזער פאָלק איז פאַרהייליקט דורכן לשון ייִדיש. ייִדישע שרייבערס טראָגן איבער דער וועלט זייער זינגענדיק האַרץ אין נויט און אין קוועל. איינער פון די־אָ זעלטענע זינגערס איז געווען יעקב גלאַטשטיין.

ס'איז אַ גרויסער זכות פאַרן פאָלק און אויך פאַר אונדז, ייִדיש־שרייבער, וואָס זיי האָבן געהאַט צווישן זיך דעם דאָזיקן זינגער און באַזינגער פון אונדזער עשירות און נויט. ס'איז אַ גרויסער זכות פאַר דער אלמנה ייִדיש, וואָס האָט געהאַט אַזאַ געבענטשטן זון ווי ס'איז געווען יעקב גלאַטשטיין. ס'איז אַ זכות וואָס מיר האָבן באַקומען אַזאַ שיינעם לויכטנדיקן בנין פון די הענט פון דאָזיקן מייסטער. זאָל זיין גרויסער זכות אונדז ביישטיין, אין אונדזער ביטער, שווער געראַנגל פאַרן המשך פון פאַרוואָגלטן און פאַרהייליקטן ייִדיש.

## אַ יאָר אָן יעקב גלאַטשטיין

קיינמאָל — בלויז אפשר מיטן אַוועקגיין פון י. ל. פּרץ און ה. לייוויק — האָט די ייִדישע ליטעראַטור נישט אָפּגעפילט אַזוי ווייטיקלעך די גרויסע אבידה, ווי דאָס איז געווען אין יענעם טרויער־טאָג פון נאָוועמבער 1971, בעת פון יעקב גלאַטשטיינס פאַרשטאַרבענער האַנט איז אַרויסגעפאַלן אויף אייביק זיין ווונדערלעכע פעדער. ס'איז אַוועק נישט בלויז איינער פון אונדזערע ייִדישלעכסטע, נאַציאָנאַלע גרויסע פּאָעטן און אייגנצייטיק אַ זעל־טענער עסייִסט־קריטיקער, נאָר ס'איז אויך פאַרשוווּנדן פון דער ייִדיש־ליטעראַטור אַ טרייער שומר־מבשׂר, אַן איידעלער גערטנער און פרומער פילעווער־בעל־מדקדק פון אונדזער פאַרוויסטן שאַפונג־פעלד בלשון ייִדיש.

וואָרעם יעקב גלאַטשטיינס פּעדער האָט געטראָגן מיט זיך אַ גלייַיִקן הויך פון שיינער דורותדיקער ייִדישקייט, פון אַ מאָדערנער, קינסטלערישער געלייטערטקייט. ער האָט אַריינגעבלאָזן און אַריינגעטריפט אין יעדן עכט־טאַלאַנטירטן שוואַכן גרעזל עפּעס פון זיין אייגענעם גלייַיִקן רוח־החיים און אימפּעטיקן יצירה־כּוח. זיין גאַנץ ווערק — סיי דאָס ליד און סיי דער עסיי איז אַ הייסע תּפילה ס׳זאָל אויפגיין אַ פריידיק, געזונט בליַעכץ אויף דער טרויעריקער ערד פון מלכות־ייִדיש.

נישט איין מאָל האָט דער דאָזיקער ריז מעדיטירט אויף פיל שטחים וועגן אומשטאַרביקייט פון קינסטלערישן ווערק, וועגן די ערשטע אור־קוואַלן פון ייִדיש־ליטעראַטור און אירע אבות, וועגן אוממאַכטיקייט פונעם בעל־יצירהס חלום, וועגן שאַפערישער התבודדות און וועגן אַלע גייסטיקע ירושה־אוצרות, וואָס ווערן אַזוי שפּורלאָז פאַרפאַלן פאַר די קומענדיקע דורות. וואָסער דאָליע יעקב גלאַטשטיינס ווערק זאָל נישט טראָגן ירושהדיק אין זיך, וועט דאָך פון אַלע זיינע אויסגעזוונגענע און אַרויסגעזאָגטע ליטעראַריש־עטישע קריטעריעס פאַרבלייבן, ווי אין אַ פאַרגליווערט פייער, דער יצירה־סטימול פון ייִדיש־כּישוף, די פאַרבן, ריחות און הויכע מדרגות, וואָס האָבן געשפּרודלט פון דער דאָזיקער שטאַרקער, כאַריזמאַטישער פּער־זענלעכקייט.

יעקב גלאַטשטיין איז נישט געווען ווי אַ טייל קריטיקער, בלויז אַ פאַנענטרעגער פאַר אַ קליין הייפל שוין געקרוינטע און אויסגערופענע בעלי־יצירה. זיין פּעדער האָט אויך וואַרעם זיך געצויגן צו די זייטיקע, צו ניי־געקומענע, צו די האַלב־פאַרלוירענע. די ליטעראַטור איז געווען פאַר אים נישט בלויז אַ טריומפאַלער פעסטיוואַל פון די געפּרייזטע. זי איז אויך אַ גרויס איינפאַר־הויז, וווּהין עס קומען מיט זייער שירה און האַרצ־געוויין די נאָמענלאָזע און פאַרשעמטע און מיט טאַלאַנט־געבענטשטע. יעקב גלאַטשטיינס „מאַכן אַ וואַרע״ פאַר אומבאַקאַנטע איז געווען אַ הויכע מידה פון מליץ־יושרדיקייט, פון פירשפּרעכערישער עטישקייט און פון אַלט־מסורותדיקער אחריות פאַר אַ גוטן המשך פון אונדזער ליטעראַטור. אין דעם איז אויך געלעגן זיין גרויס־האַרציקייט ווי אַ דיכטער און קריי־

טיקער, וואָרעם נישט יעדער — אַפילו פון די גרויסע — קען און וויל זיין אַרומגערינגלט מיט אַ צווייטער אויפגייענדיקער יצירה־ספערע.

דוכט זיך, אַז י. גלאַטשטיין איז נישט געווען קיין קלענערער פּאָעט אין זיינע מעדיטאַטיווע עסייען ווי ער איז עס געווען אין זיין ליד. גראָד ווי די פּאָעטישע שורה האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון זיין עסייאיסטישן וואָרט־כּישוף, אַזוי אויך איז זיין מעדיטאַטיווער עסיי געווען פאַרקנאָטן מיט אַ סך שיינקייטן, התרוממות הרוח און שטילער שירה. גלאַטשטיינס פּערזענלעכקייט ווי אַ שאַפער האָט געהאַט אין זיך אומבאַגרענעצטע הייסע, שפּרודלדיקע קוואַלן־כּוחות. אַלע האָבן זיי געזוכט זיך אַרויסצורייסן פון אַ מין מעטאַפיזישער קלעם, פון דער פאַרזיגלטער ייִדיש־פּאָעטישער איינזאַמקייט. זיינע קוואַליקע כּוחות האָבן בלויז טיילווייז אים געהאָלפן אַראָפּוואַרפן פון זיך די קייטן פון התבודדות און וועלט־פאַרלוירנקייט. אינעם האַלב־מדבּרדיקן אַמעריקאַנער לעבן האָט ער אָפּגעפונען אַ גאַר שמאָלע סטעזשקע, ווו ער האָט מיט הייסן ייִדישן מוט — און נישט אָן צעבראָכנקייט — געזונגען פון אַן אָפּגעפרעמדטן ייִדן־דור. פּוילן, לובלין, ייִדיש־ירושה, ייִדיש־חלום און ועל כּולם — דער ביטערער כּרת פון אומקום, זענען געוואָרן די אימפּאָנדעראַביליען פון זיין פּאָעטישער שורה און עסייאיסטיש וואָרט.

יעקב גלאַטשטיין איז געווען אַ זעלטענער כּוח אויף אַ סך שאַפערישע שטחים. אויף יעדן געביט האָט ער בזיריש אָפּגעהיטן די וואָרט־זויבערקייט און מחשבה־ריינקייט. ער האָט געהאַט אַ הייליקן פּיעטעט פאַר אונדזער ליטעראַטור פון פאַרגאַנגענע דורות. שרייבנדיק וועגן די אבות האָט ער באַנוצט אַלע זיינע אינטימע פּאָעטישע כּוחות, כּדי אונדז צו געבן אַ טריי, לעבעדיק געשטאַלט פון איר תּקופה. י. גלאַטשטיין האָט געוווּסט ווי אַזוי אַריבערצוואַרפן אַ בריק צווישן דער טראַגישער ייִדיש־וואָר, און דעם אויסגעחלומטן רעאַליסטישן ווערק. ער האָט תּמיד געפונען דעם שיינעם, גילדענעם פאָדעם זיי ביידע צו פאַרבינדן. אין מיטן דאָזיקן שיינעם פאָדעם האָט ער אויסגעהאָפטן פאַר אונדז אַ חן־פולע קאָלירישע מאָזאַיִק פון זיין עסייאיסטישער קריטיק און לייכטנדיקער פּאָעטישער שורה.

ס'איז נישט געווען קיין איין געביט, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות

צו דער מחשבה, אינטימער אינטעלעקטועלער פּילבאַרקייט, יידישער מסורה און וועלטלעכער קולטור פונעם מאָדערנעם יידן, אַז יעקב גלאַטשטיין זאָל נישט מיט זיין גייסטיקער פינעזיע, דינער אינטראָספּעקציע און וואָרעם־פּאַטערלעכער באַזאָרגטקייט אונדז צוטראָגן מיט שרייבערישער חכמה און חריפות דאָס האָב און גוטס. און הגם מיר ווייסן, אַז פון זיין פּען האָט נישט איין מאָל געטריפט דער ביטערער גאַל־טראָפּן פון יאוש איז ער דאָך, ווי איינער פון די לעצטע גרויסע יידיש־שאַפערס אין אונדזער דור, געווען איבערפולט מיט גרויסן בטחון אין יידן, יידישקייט און יידיש־המשך. אַממייסטן זאָגט וועגן דעם עדות זיין בוך „אין דער וועלט מיט יידיש", דערשינען שוין נאָך זיין פּטירה און אַרויסגעגעבן דורך דער אלמנה, פרוי פאַני גלאַטשטיין (אַלוו. יידי. קולטור־קאָנגרעס, נ. י. 1972).

אין אָט דער טרויעריקער און פריידיקער וועלט מיט יידיש קרייזט אַרום דער אומגעשטילטער גייסט פונעם פּאָעט, וואָס זוכט, קוויקט זיך, מאָנט, דערמאָנט, באַקלאָגט און זינגט הלל פאַר יעטוועדן שאַפערישן יידישן מענטשן אין דער גאָרער וועלט. שרייבנדיק וועגן מאָריס סעמיועלס בוך „אַ לויב פאַר יידיש", ווו די צענטראַלע טעמע איז אַ שיר השירים צו יידיש־לשון, זאָגט י. גלאַטשטיין: „פאַראַן אין דאָזיקן בוך אַ שטאַרקע התלהבות און דער פאַרנעם פון קידוש־יידיש ברבים". דאָס זעלביקע קאָן מען זאָגן וועגן גלאַטשטיינס כוללדיק שאַפן. התלהבות און קידוש־יידיש טריפט פון זיין יעדער שורה.

פאַראַן גרויסע דיכטער, וואָס שרעקן זיך נישט פאַרן פאַרבלאָזן פון זייער אייגן האָב און גוטס, בלייבנדיק אויפריכטיק־אמת אויך אין באַצוג צו אַנדערע בעלי־יצירה. דערציילט י. גלאַטשטיין אין זיין שוין דערמאָנטן בוך, אַז: „ביאַליק אַליין האָט געזאָגט, אַז פרוג האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף זיינע לידער...". אמת, נישט פרוג דער יידיש־דיכטער, נאָר דווקא זיינע לירישע געזאַנגען, געשריבן אין רוסיש, האָבן אַזוי שטאַרק באַווירקט ביאַליקן. יעקב גלאַטשטיין געהערט אויך צו יענע שאַפערס, וואָס זיי איז גאָרנישט אָפּגעקומען צוטראָגנדיק אַ ברכה צו אַ צווייטן שאַפער. להיפך: די קרוין פון זיין אייגן וואָרט האָט באַקומען נאָך אַ שיינעם ביוטאַנס. ער איז דעריבער געוואָרן אין דער קריטיק דאָס מאַגנעטישע אויג,

ווהין ס'האָבן זיך געצויגן די בליקן פון יעטוועדן מחבר, וואָס האָט געוואָרט אויפן „קול יעקב".

נישט יעדער שאַפער פאַרמאָגט דעם כאַריזמאַטישן כוח און חזיון, זייענדיק אַליין ווייט פון גיהנום, כדי אונדז צו געבן דעם גרויל פון די אומקום־יאָרן. גאָר ווייניק, וואָס זענען „אין טרעבלינקע נישט געווען", זענען געווען מסוגל, מחמת פּסיכאָפיזישע און אויך קינסטלערישע סיבות, די „ווייטע פרעמדע טראַגיק צו פאַרשטיין" — אויב צו ברענגען סאָלזשע־ניצנס אַ ציטאַט פון זיין נישט־געהאַלטענעם נאָבל־פּרייז־רעפעראַט. צו פאַרשטיין די ייִדן־טראַגיק פון מרחקים — איז געגעבן געוואָרן נאָר צו יחידי־סגולה. יעקב גלאַטשטיין איז איינער פון זיי. ער האָט די קרוין פון ייִדישן אומגליק באַצירט מיט די שענסטע פאַרגליווערטע טרערן־פּערל פון זיין גרויס האַרץ. מיטן אַוועקגיין פון יעקב גלאַטשטיין איז אויך פאַר־שטומט געוואָרן אַ מקונן פון גרויסער מאָס און עמקות. דווקא דערפאַר וואָס זיין גוף איז נישט געווען דאָרט — האָט אָבער דאָס גרויס־ייִדישקייט אין אים, די נשמה־צעבראָכנקייט דערהויבן זיין וואָרט צו אַ בכיה לדורות. דאָס איז ליטעראַטור, וואָס וועט מיטלעבן דורות, ווו נאָר ייִדישקייט וועט נישט אויסגעוואָרצלט ווערן. און דאָס וועט אויך זיין דאָס גרויסע געדע־כעניש פון יעקב גלאַטשטיין, וואָס וועט איבערגעפלאַנצט ווערן פון דור צו דור. וואָרעם גרויסע ליטעראַטור איז גאָרנישט עפּעס אַנדערש ווי פאַר־הייליקט, דויערהאַפטיק פאָלקס־געדעכעניש אין איר גאַנג דורך דורות.

## מיט דער וועלט פון יעקב גלאַטשטיין

### (צו דער צווייטער יאָרצייט)

ס'איז גאָרנישט אַזוי גרינג צו ווערן איינגעהיימישט מיט די וויברירנ־דיקע וועלטן פון אַזאַ אומגעוויינלעכער שרייבערישער פּערזענלעכקייט ווי ס'איז אין דער ייִדיש־ליטעראַטור יעקב גלאַטשטיין. זיינע איבערגעלאָזענע פיר וועלטן: פּאָעזיע, פּראָזע, קריטישער עסיי און פּובליציסטיק — אַלע פירן זיי אונדז אַריין, דורך מאַגישע כוחות און וואָרט־דיסציפּלין, אין די

ש״י עולמות פון אונדזער דורותדיק־דערוואַרבענעם און לעבעדיקן פענאָ־מען ייִדיש. און ביסטו געפּאַנגען פון דאָזיקן ריזיקן בעל־יצירה, דורך זיין געקרוינטער מחשבה, ליכטיקן פשט און פאַראיידלטן חלום — ווערסטו אַזוי גיך זיך נישט באַפרייען פון זיין כּישוף, פונעם יונגן לעבעדיקן אָטעם, פון זיין וואַרעמער האַנט, וואָס פירט דיך, איבער אַלע נצחונות און אויך ביטערע שטרויכלונגען אין אונדזער פאַרגאַנגענער און קעגנוואַרטיקער ייִדיש־וועלט.

פאַראַן תמיד אַ געפּאַר פּאַר גרויסשאַפערס לייכט אַריינצופאַלן אין אַ מומיפיצירטער רוטין־סכעמע. דאָס לאָזט זיך נישט זאָגן לגבי י. גלאַט־שטיין. פון אַלע זיינע פיר שאַפערישע תחומים קוקט־אַרויס די כאַריזמאַ־טישע גלאַטשטיין־פערזענלעכקייט. ער איז געווען באַשאָנקען מיט אַ זעל־טענער מתנה פון קענען טראַנספערירן פון איין שאַפונג־שטח צום צווייטן דאָס שענסטע און מקורותדיק־גלאַטשטייניש. פון דער פּראָזע, ליד, עסיי און אויך פון פּובליציסטישן מאמר שטראַלט צו אונדז דאָס זעלביקע ליכטיק־ ייִדישע, שאַפערישע פּנים: די זעלביקע זיסע וואָרצלען, דאָס זעלביקע פייער און ועל כּולם — די שרייבערישע ייִדיש־פערזענלעכקייט, וואָס נאָר זי האָט אים געהאָלפן אויפבויען דעם אַ לייכטנדיקן שיינעם בנין פון זיין יצירה־וועלט.

דוכט זיך, אַז ביי י. גלאַטשטיין איז יצירה געוואָרן די איינציקע הייליקייט און אויך זיין מאַגישע, רעאַלע ממשותדיקייט. זי איז געוואָרן זיין איינציקער מקור־החיים, גראָד ווי דאָס געפיל פון חסד, וואָס ער האָט געטראָגן צו ייִד און צו זיין פאַרהוילענער גרויסקייט. ער האָט תמיד געזען פאַר זיך „די גרויסקייט, וואָס האָט זיך פאַר קליין פאַרשטעלט״, ווי עס פּליסטערן זיינע שורות: „איך שפּיגל זיך אין מינדסטן טראָפּן / און זע די גרויסקייט, וואָס האָט זיך פאַר קליין פאַרשטעלט. / אין די דלד אמות פון מיין בענקען / שפּרייזט די רחבות פון גאָר דער וועלט״. אין אים האָט געברענט אַן אייביקער יצירה־דורשט ווי אַן אַלט־קלויזישער נר־תמיד. דער פלאַם האָט באַלויכטן זיינע אייגענע דלד אמות און אויך די פאַר־לאָשענע ייִדן־וועלטן. די ריינע תאווה צום קינסטלערישן קערן האָט אים געהאָלפן אַרויסאַנטפּלעקן פון זיך אַלע זיינע גוטע כּוחות, וואָס די השגחה

האָט אים אַזוי גנאָדיק באַשאָנקען. מען וואָלט געקענט אים פאַרגלייכן צו ח. נ. ביאַליק, וואָס איז אויך אַרומגעגאַנגען אַ געפאַנגענער פון פּאָע־טישן כּישוף. אויך פון ביאַליקס בלעטער וועגן קולטור און שרייבער רעדט צו אונדז דער זעלביקער יצירה־גייסט, וואָס איז איבערפול מיט שאָפערישע זרעים. ביידע גרויס־שאָפערס צעוואָרפן זייערע וואָרט־קערנער פון אַ לעבן, וואָס ווערט אַ באַצויבערנדיקע רעאַליטעט. ביידע צילן זיי צו ברכהדיקער באַפרוכטונג דורכן וואָרט, צום געבירן נייע וועלטן, פולע מיט סוד און שיינקייט.

קלאָר: מען קאָן נישט פאַרגלייכן י. גלאַטשטיינס פּראָזע מיטן ליד, אָדער דאָס ליד מיטן קריטישן עסיי. זיי פאַרלאַנגען אויך נישט קיין פּאַראַ־לעל. ביי גרויסע שאַפערס ווערט אָבער אַלץ, וואָס קומט פון זייער פּען, באַהויכט פונעם אָטעם, וואָס הייסט: בראשיתדיקייט און ניי־געבוירנקייט. איבער אַלע שטחים פון י. גלאַטשטיינס וואָרט־קונסט טראָגט זיך אַ צע־גליטער ווינט, ווו ס'שוועבט־אַרום בלויז זיין אייגענע, אים געשענקטע פייער־ספערע פון יצירה.

יעקב גלאַטשטיין איז געווען אפשר דער איינציקער שרייבער־ערודיט, ביי וועמען דער טעמפּעראַמענט איז משפּיע אויפן כאַראַקטער פון זיין שאַפן — און אפשר גאָר להיפך: דער פּיקחותדיקער שאַפונג־כאַראַקטער האָט מיטגעריסן זיין העדאָניסטישן טעמפּעראַמענט. ווי אַ זעלטענער וויל־קענער פון דער וועלט־ליטעראַטור און פון אונדזערע ביידע ליטעראַטורן האָט ער פון זיי דאָרשטיק געטרונקען, געשטאַרקט זיין באַגייסטערונג און קינסטלערישן אמת. דער היקף פון זיין פיר־שטחימדיקן שאַפן האָט אויף יעדן געביט באַקומען די יסודות פון שלימות, באַגלויבטקייט און גייסטיקער עשירות. ער האָט נישט איבערגעלאָזט פאַר אונדז אין זיי די מינדסטע ספיקות אָדער אומקלאָרקייט. די קולטורעלע און אידעישע קאָנפליקטן פון דער גאָרער יידיש־וועלט — איבער דער סדומדיקער רעאַליטעט פונעם חורבן ביז צום אויפלעב פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַשערטקייט — אַלץ האָט באַקומען זיין קינסטלעריש־גילדענעם חותם און שיינעם תיקון. אָבער אַמבידעריקסטן און גאָר הכנעהדיק האָט ער זיך געבוקט פאַרן מעדיום יידיש. זיינע שורות אין דעם פּרט זענען געגליכן צו היסטאָרישע פּראָצעסן,

וואָס האָבן באַגלייט אונדזער נאַציאָנאַלן גאַנג. די מסורה לייכט פון זיין פאַרגייסטיקט שריפטטום. זי באַוועלטיקט אונדזער געמיט מיטן פלאַם פון ליהיאָפט און איינצייטיק מיט דער גרויסער זאָרג לגבי דעם פענאָמען ייִדיש. ווי ער זינגט: „פאַרשווער מיך, אַ געטרייען, / צו דער גורלדיקער באַשערטקייט, / אַז ס'זאָל מיך קיינער פון דיינע אָרעמס נישט באַפרייען".

מחמת דעם געפין איך, בעיקר אין י. גלאַטשטיינס עסייען־נוסח, אַזוינס וואָס מען קאָן אָנרופן: מסירת־נפש פון ייִדיש־לשון. מיט זיין ברכהדיקער פעדער האָט ער צעוואָרפן סנאָפּעס ליכט, האָפענונג און היילנדיקע טרייסט אין די פאַרשעמטע און פאַרוואָגלטע ייִדיש־שאַפערס. פאַר די פאַרשאָטנדיקע און זייטיקע האָט ער ברייט געעפנט די הייליקע ליטעראַטור־אכסניה, אַפּווישנדיק פון זיי די טרער פון שרייבערישער בדידות און די אבני־נגף פאַרן אומבאַקאַנטן שאַפער. אין דעם איז געלעגן זיין גרויסע פּרציאָנישע שליחות פאַר אַ גוטן און גרויסן ליטעראַטור־המשך. ער האָט קודם כל געמאַכט אַ וואָרע פאַר יענע בעלי־יצירה, וועמענס שאַפן איז פאַרוועבט מיטן גילדענעם פאָדעם פון עכטער ייִדישקייט און פון קרישטאָליקן פאָעטישן חלום — פון יענעם חלום, וואָס פאַרשווערט נישט די ירושה פון אונדזערע גרויסע פאָרגייער אין ביידע ליטעראַטורן.

הגם ביים צעגלידערן אַ ווערק וועגן ביי אים תמיד איבער די עטישקינסטלערישע מאָסן, שטייט ער אָבער זעלטן מיט אַן אַנטבלויזטער שווערד צו טרעפן דעם שוואַכסטן מוסקל אין גוף פון שרייבערס יצירה. י. גלאַטשטיין איז בטבע נישט געוועזן קיין איש מלחמה*. ער האָט נישט געטראָגן

---

* אינעם לעצט־דערשינענעם בוך, שוין נאָך דער פטירה פון יעקב גלאַטשטיין ז"ל, „פראָסט און פשוט", ליטעראַרישע עסייען (אַרויסגעגעבן דורך דער אלמנה פעני גלאַטשטיין, נ. י. 1978, אָפּגעקליבן און צוגעגרייט צום דרוק: בערל כהן), געפינען מיר גלאַטשטיינס מאָטאָ צום בוך עסייען. ס'איז כדאַי צו ציטירן די שורות פון דאָזיקן מאָטאָ און אויך די ווערטער פון בערל כהן אין דאָזיקן ענין. ב. כהן שרייבט:

„אין אונדזער אויסגעקליבענעם מאָטאָ זאָגט גלאַטשטיין: „מיט יאָרן צוריק האָב איך זיך גאַנץ אָפט באַנוצט מיט ווערטער ווי מיט שטיינער... איך בין געוועזן אַזוי פאַרנומען מיט אויסקלייבן די שאַרפסטע ווערטער און מיט טרעפן אין ציל, אַז איך האָב בפירוש נישט געזען דעם מענטשן... איך האָב געזען דעם

קיין פּייל און בויגן, בעת ער פּלעגט פֿירן זיין טעגלעכע מלחמה מיט טפֿל, שימלדיקן און עִקרדיקן. און האָט ער דערהערט פֿון מרחקים אַ פֿריש קוואַלן־געפּליסטער פֿון ייִדיש־שאַפֿונג, גייט ער אים אַקעגן צעשטראַלט און פֿריידיק, מיט אויפֿגעהויבענע הענט, וואָס בענטשן. אָבער ווי יעדער גרויסער שאַפֿער איז ער קודם כל געווען געטריי זיין אינעווייניקסטן מאַגנעטישן קאָמפּאַס, וואָס האָט אים קיינמאָל נישט פֿאַרפֿירט. ביי זיין גאַנצער קיל־קאָנטעמפּלאַטיווער און אַקטיווער געזינונג ניגונט פֿון אים ווייך אַרויס דאָס טרויער־פֿידעלע פֿון זיין פֿאַרוווּנדיקט ליריש געמיט. דאָס וואָרט פֿון דער גלאַטשטיין־פּערזענלעכקייט האָט פֿאַרמאָגט אַ סך פֿון אונדזער אַלטן ייִחוס און וואַרעמע אינטימיטעט. ער ווערט פֿאַר אונדז נישט סתם אַ מבשׂר, אַ שומר, נאָר טאַקע אַליין אַ פֿריידיק־שפּרודלדיקער קוואַל, וואָס ברויזט, זינגט און מיניעט מיט זיין אייגענער הויכער באַגייסטערונג. ביי דער גאַנצער מחיצה־לאָזיקייט צום אַקטועלן — איז ער אָמליבסטן אַנטלאָפֿן הינטער די הויכע ווענט פֿון איינזאַמקייט צו זיין יצירה גופֿא. זי איז געוואָרן זיין פֿאַנצער און פֿעסטונג, וואָס האָבן אים געראָטעוועט פֿון אייגענער בדידות און גלייכצייטיק דערגענטערט צו אונדז אַלע אוצרות פֿון זיין שאַפֿערישער פּערזענלעכקייט.

י. גלאַטשטיין איז נישט געווען פֿון די ראַפּידע קדושה־שפּרינגער אָדער אַפּאָלאָגעטישע אמן־זאָגערס, אַפֿילו לגבי די שוין־קאַנאָניזירטע נעמען אין דער ליטעראַטור און אויך אין אַנדערע קונסט־צווייגן. אין דער מאָלעריי, למשל, האָבן אים פּיקאַסאָ און אַנדערע וועלט־באַרימטע מאָלערס נישט געמאַכט ציטערן זיינע קנעכלעך.

ער באַגלייט תמיד זיין אימפּרעסיע מיט אַ לאַנג־אָטעמדיקן, שטאָלצן אויסבליק צו די פֿאַרהייליקטע ווערטן פֿון ייִדישן גורל. אָבער בעת ס׳קומט צום ייִדיש־לשון קלאָגט עס אין אים ביטער, מחמת דער פֿאַרשוועכונג פֿון

---

שפּיץ און נישט דעם ציל — אָבער דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק. שפּעטער... האָב איך זיך געלערנט געמעסיקטן טאָן ביי״ עטלעכע ייִדישע שרייבערס און אויך ביי אַ סך אַמעריקאַנער קריטיקערס, וואָס ווייסן אויסגעצייכנט ווי אַזוי מען רייסט אַרונטער אַ ווערק און מען זאָל דערביי נישט אָנרירן דעם מענטשן״.

דאָזיקן ווונדער, וואָס איז ביי אים: „מער ווי אַ לשון, ווייל עס איז אַ גאַנצע ציוויליזאַציע, אַ נאָך־בביאישע עטיק, וואָס האָט געשטאַלטיקט די מאָדערנע ייִדישע פּערזענלעכקייט, די גרויסע טרעגערס און פאַרשפּריי־טערס פון די ערשטע שפּראָצן פון ציוניזם, ייִדישן סאָציאַליזם, ייִדישן חינוך, געשאַפן בריקן מיט דער דרויסנדיקער וועלט, אויסקריסטאַליזירט שעפער פון אַ גרויסער קינסטלערישער ליטעראַטור, אַ ייִדישע ציוויליזאַציע, וואָס האָט אין איר באַזונדערקייט געשאַפן אַזוי פיל גייסטיקע רחבות" („אין דער וועלט מיט ייִדיש", ז. 427). אין די דאָזיקע קנאַפּע שורות פילט זיך י. גלאַטשטיינס צער אָבער אויך אמונה אויף אַ צוקונפט „פון לעבע־דיקער און המשכדיקער שעפערישקייט. אונדזער שעפערישקייט דאַרף זיין נישט בלויז אַ זכות־אָבותדיקע, אָדער זכות זיידעס און עלטערניידעס, נאָר פון המשכדיקער פאַרטיפונג" (דאָרט).

די וועלט פון י. גלאַטשטיין איז געווען אַ וועלט פון וויברירנדיקער, אינטענסיווער, יצירהדיקער שפּאַנונג. זיין שאַפערישער אומרו האָט אים געצוווּנגען צו זוכן אָרום זיך דאָס געפעס פון פאַרקערפּערטן גייסט. ער איז אַוועק אין סאַמע בלי פון זיין געקרוינטער יצירה. זי, די יצירה, האָט אונדז געלאָזט וואָרצלען, וואָס וועלן דורך דורות נישט וויאַנען. זיי וועלן זיך אָנגיסן מיט נייע יצירה־זאַפטן פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַשערטקייט און מיט אַלע גוטע כוחות, מיט וואָס די השגחה האָט באַשאָנקען דעם אָ כאַריזמאַטישן מענטש און שאַפער.

די, וועמען די געטער האָבן ליב, שטאַרבן יונג. און יעקב גלאַטשטיין איז אַוועק יונג אין זיינע פינעף און זיבעציק יאָר. ער איז אַוועק פריי־לינגדיק־יונג אין זיין העדאָניסטישן גוף און יונג אין זיין שפּרודלדיקן שיינעם גייסט. אַזאַ וועט ער אונדז שוין פאַרבלייבן: געקרוינט מיט יונג־שאַפט און מיטן אייביק־זיך באַנייענדיקן יצירה־כישוף. ער איז אונדז אויך געוואָרן אַ ליכטיקער סימבאָל פון אמונה אין גרויסער שאַפערישער טאָט אין דער תקופה פון אונדזער טראַגישער און העראָישער וואָרהאַפטיקייט.

# לידער־עפּיטאַפֿן

פֿאַר יעקב גלאַטשטיין

## א. זילבן

דו האָסט געוווּסט: דײַן גאַנצע קרוין —
איז אַן אַלטער ספּאָדיק מיט גראָע מילבן.
און דאָך האָט דײַן האַנט געפּלאַנצט און געזייט —
פֿאַרזייט קרישטאָלענע, גילדענע זילבן.

געזייט און געזילבט. ווי אַן אַלטער פּויער
געטרילערט צום הימל מיט זילביקע זוימען.
דײַן הימל — הויל, ביטער — דער פֿאַרזוי
פֿון ר׳ נחמנס זיפֿץ און טרעבלינקער קוימען.

אין מדבר געזייט, אין דער קלעם געפּלאַנצט —
„**שטויב, וואָס האָט אָנגעטאָן אַ שטײַפֿן הוט**".
פֿאַר אונדז האָט דער שטויב געפּאַקלט, געבלענדט
„**אין פֿאַרדאַרטע שוואַרצע פֿלעקן פֿון בלוט**".

פֿאַרצוקט איז שוין אַלץ. די גאַנצע סטאַדע.
געבליבן איז בלויז דער פּוסטער פּאַליי.
מיט דײַנע שטראַליקע, טויטע ייִדן
קוש איך די זילבן פֿון דײַן פֿאַרזיי.

## ב. ייִדישטײַטשן

דײַנע טריבע ייִדישטײַטשן —
אונדזער וויינענדיק עשירות.
פֿון די לובלינער שבת־לײַכטער,
און די קרומע פֿענצטער —

ברענען מער נישט די טראַקטן.
אַלע שמייכלען פון אונדזערע טויטע קינדער
ווערן ווידער וואָר אין דײַנע ייִדישטײַטשן.

די ערד —
איז בלויז פאַרן גוף אַ באַהעלטעניש —
נישט פאַר די מצבהדיקע ייִדישטײַטשן.
דאָס האַרץ פון יעדן פראָסטן ייִד
נעמט דיך אַרײַן אין זײַן היכל פון נויט.
ווײ, ווי ס׳ברענט אויף אונדזער קאָפּ
די קרוין פון קראָפּעווע.
אַזוי ברענט אויך די קרוין,
וואָס האָסט איבערגעלאָזט
אויף אַלע אונדזערע פאַרשעמטע, קליינע
ייִדישטײַטשן.

**ג. יעקב אבינו**

יאָרן זיבן מאָל זיבן געדינט צום סידורל ייִדיש.
זיבן מאָל זיבן געשטרויכלט אויף הימלישן לייטער.
איצט איז דער שומר געגאַנגען שוין שלאָפֿן,
געקושט פון די שאָטנס און ייִדישן שײַטער.

ווי גרינג ס׳האָט דײַן האַנט פון ברונעמער טויטע
באַפרײַט די מאָכיקע, אַלטע שטיינער.
די שעפּסן געפּיטערט אויף ביטערע לאָנקעס,
מיט תהלים געקריינט די טויטע ביינער.

ביז איינמאָל אַרויס איז דער מלאך פון תנ״ך,
געפירט מיט לובלין אַ פײַער־געפּעכט.

זינט דעמאָלט: דו ביסט אונדז די הייליקע שלאַכט
פון יעקב אָבינו — גאָטס שומר און קנעכט.

ד. דײַן טאַטנס שאָטן

מײַן פאַרברענטער טלית פון בראַנדיקן אוישוויץ —
פלאַטערט־אַריבער צום ניו־יאָרקער כּרך.
ער פלאַטערט אַהין מיט דײַן טאַטנס שאָטן,
וואָס האָט דיך געקריינט און האָט דיך געזיווגט
מיט רחמים, מיט נויט און ייִדישן פּיוט.

מײַנע תפילין פאַרברענטע אין בראַנדיקן אוישוויץ
זוכן דײַן שטערן, כּדי אים צו קרוינען.
און אפשר איז בלויז דײַן טאַטנס שאָטן
דער ליכטיקסטער לוין פון אַלע לוינען?

טלית און תפילין — אין גליִיִקן אוישוויץ,
אויבעט די שמות פון אַלטן תהלים.
ווו איז זײַן שאָטן? בלויז קראַנקע פייגל
זינגען צו אים אין ליידיקע מילן.

אַזוי האָט געזיווגט דער הייליקער דור:
אלף — מיט חלף, טרוימען — מיט קוימען.
ביז ס'וועט זײַן שאָטן זיך ווידער אומקערן
וועט גליִען דײַן פּיוט: פון טרערן און שטערן.

ה. דער חוזה

דײַן נאָמען: אַ סנה פון אַש
דײַן לאַווע: פאַרגליווערטער שטיין.

ווי שיין דײַן מויל האָט געלידערט
אין פאַרהוילטן תהום אַרײַן.

דײַן זילב: פאַרשטייניקט פײַער.
דער סנה פון פינצטערניש גליט.
אַלץ וואָס איז הייליק און טײַער
כליפּעט אַרויס פון דײַן ליד.

צו וועמען דאָס וואָרט אונדזערס טראָגן,
דערבאַרמיקער האַר פון די וועלטן?
לובלין וועט מער נישט באַקלאָגן
די בראַנדן פון יעקבס געצעלטן.

לובלין איז ווידער געשטאָרבן.
דער חוזה קושט דיר דאָס פּנים.
וויי, וויי, יעקב, דײַן קלאָגן —
ווי וועלן מיר לעבן איצט אָן אים?

פאַרהאַקט האָסט די טיר. ס'איז נאַכט.
און איך — בײַ דײַן ספר אַ מידער.
לובלין איז ווידער געשטאָרבן.
דער חוזה תהלימט די לידער.

אהרן צייטלין (1973—1898)

# צווישן חורבן און גלויבן

## א. כינוס פון ליד

יעטוועדער לידער־כינוס ביי אַ דיכטער, ווי יעטוועדער יצירה אָפּ־קלייב, צילט בעיקר אָפּצוצוימען אַ שוין־פאַרגאַנגענע פּאָעטישע וואַר און וויל ווערן די גרענעץ פאַר אַ זיך־באַנייענדיקן שאַפערישן אויפשפּראָץ. דאָס אַ געזעץ איז אויך פאַרגרונטיקט אין אַ כוללדיקער לידער־ און פּאָעמעס־ אויסגאַבע, וואָס דאַרף זיין די אינקלוזיווע איינזאַמלונג פונעם שרייבערס יאָרן־לאַנגן פּאָעטישן פאַרמעסט. אין דער הקדמה צום כינוס פון אהרן צייטלינס לידערבאַנד לייענען מיר, אַז „אַפילו לידער, וואָס זענען שוין פאַרעפנטלעכט אין בוכפאָרעם, באַטראַכט איך ווי כּתב־ידן, וואָס קאָנען און דאַרפן רעווידירט ווערן און טייל מאָל, ווען איך האַלט פאַר נייטיק, ווערן אָנגעשריבן פון דאָס ניי...".

די ציטירטע ווערטער פון אַזאַ שאַפערישער פערזענלעכקייט, ווי ס'איז אַהרן צייטלין, זענען נישט סתם אַ באַווייז, וואָס, לויט אים, „פון דער אינערלעכער סתירה וואַקסט יעדע פּאָעזיע", נייערט זיי דרינגען אַרויס פונעם דיכטערישן געזעץ, אַז די עסענץ פון יעטוועדער לעצטער יצירה ביי אַן אמתדיקן שאַפער איז גראָד אַזוי נישט־שלימותדיק און בראשיתדיק ווי זיין סאַמע ערשטע, אַז דער דאָזיקער וואָרט־און־וויזיע־גילגול איז אַן אויס־דרוק פון גרענעצלאָזע, אַנסופיקע אומגעשטילטע זוכענישן. דאָס ווייזט אויך אַז אַהרן צייטלין, איינער פון אונדזערע מאָדערניסטישע יידיש־פּאָעטן, איז אַלץ נאָך בראשיתדיק, אוריידיש, מקורותדיק־פאָלקסטימלעך מיט זיין

* אהרן צייטלין: אַלע לידער און פּאָעמעס, באַנד 1 — לידער פון חורבן און לידער פון גלויבן, יזכור־פרייז־ביבליאָטעק, פאַרלאַג בערגען־בעלזען, וועלט־פאַר־באַנד פון די בערגען־בעלזענער, ניו־יאָרק־תל־אביב, 1967, 471 זייטן.

פשט און אַפילו מוסר־וואָרט, כדי באַלד אויף ס׳ניי איבערצוטרעטן די שוועל פון נייע פּאָעטישע גילגולים. און אַזוי געשעט עס, אַז מיר האָבן פאַר זיך אָפט אין זיין ליד אַ גאָר נייע האַמאָגענע פּאָעטישע איינהייט. אַ יונג־געבוירענער גייסט שוועבט אַרום אינעם אַלטן, היימישן וואָרטליים. דער אַמאָליקער דיכטערישער רעיון ווערט אויף ס׳ניי איבערגעקאָכט מיט די לעצטע יידישע גרויל־נסיונות — נסיונות פון חורבן און אמונה, כפירה און תיקון, — כדי ער, דער פּאָעט אַהרן בן הלל, זאָל זיין מסוגל צו פליסטערן מיט זיין לידער־כינוס: דאָס איז מיין לעצטע, אָבער נישט סוף פסוקדיקע, פּאָעטישע יידישע רעאַליטעט.

צווישן חורבן און גלויבן, צווישן ייאוש און קיין מאָל נישט אויסגייענדיקער יידן־האָפענונג, וויגט זיך די פייעראָקס פון אַהרן צייטלינס שירה. מיר האָבן פאַר זיך נישט סתם אַ פּאָעטיש־פיגוראַטיוו ווערק, ווו דער פאַנטאַסטישער עלעמענט ווערט זיוועדיק באַשטראַלט פונעם איבערנאַטירלעכן חלום־אימאַזש. אַהרן צייטלין, וואָס שפּרייט פאַר אונדז אויס זיין שטאַרק אַנטוויקלטן פאַנטאַסטיק־געמעל, פאַרוועבט מיט קבלהשן גלי און מיטן געוואַלד פון כף־הקלעדיקער אויסוועגלאַזיקייט, — ראַטעוועט תמיד אָפּ די פּאָעטישע יאָדער דורך זיין ראַציאָנאַליסטיש־נאַקעטער מחשבה, דורך דער אידעע־וואָרהאַפטיקייט, וואָס פליסט דעטערמיניסטיש אין זיין קלענסטן ליד אָדער פּאָעמע. זיין פערז „איך טייטש יידיש קבלהדיק" איז אין פּאָעטס מויל נישט בלויז אַ שיינע דיכטערישע התנצלות, נייערט פירט אונדז אַריין אינעם שאָפערס מענטשלעך־דיכטערישן געראַנגל, וואָס ער פירט מיט דער פאָרעם, תוכן און אידעע פון זיין ליד. די יידישע פּאָעזיע האָט געהאַט איר פעריאָד, בעת זי איז געווען באַוועלטיקט פונעם אירעאַליסטישן אימאַזש, פונעם דרייסטן, באַגייסטערנדיקן מעטאַפאָר און דורכדרינגלעכער עמאָציאָנעלקייט. דאָס אַלץ האָט געבראַכט צו גרויסע קינסטלערישע חידושים אין עסטעטישן וואָרט־היקף. אפשר דערפאַר זענען די דיכטער, פון דער אַ אַס־כולה געווען אַזוי מעטעאָריק און האָבן באַלויכטן — און באַלייכטן נאָך איצט — אַ ברייטן שטח פון דער יידיש־קינסטלערישער מחשבה. פּאַוואָליע איז אָבער געקומען די בעל־כורחהדיקע אומוואַנדלונג. דער תמיד־וואַכיקער דיכטער־מעדיום, באַגלייט פון אַפּאָקאַליפּטישע יידישע נסיונות, האָט שוין

אַזוי גרינג נישט געלאָזט זיך איינשלעפערן מיטן ריין־עסטעטישן באַרקאָ, זיין פּנים האָט ער געווענדט אויך צום אַכזריותדיקן, צום גראַ־טעגלעכן, וואָס באַדראָט דעם ייִדנס נאַקעטע עקסיסטענץ. אינעם לעבן פון ישׂראל־סבא איז אויפגעגאַנגען דער אַטאָם פון אַ גאָר נייער פּאָעטישער רעאַליטעט און פון שׂכל־הישרדיקער דיסציפּלין. צו דערמאָנען בלויז עטלעכע נעמען פון דער ייִדישער פּאָעזיע ווי: יצחק קאַצענעלסאָן, גלאַנץ־לעיעלעס און יעקב גלאַטשטיין.

אַהרן צייטלינס לידער האָבן אין זיך אַ הויכן גראַד פון דער אַ דיס־ציפּלין און פון דיכטערישן באַוווסטזיין. זיי וואַרפן אויך אַ שטראַלנדיקע שיין אויף זיין גאַנצער דיכטערישער מי. קבלהשע מחשבה, מיטאָס און אוטאָפּיע, לירישע נאַקעטקייט, אַ שאַרף ראַמפּנליכט און אַ טונקל־רמזימדיקע שיין פון מאחורי הפרגוד — זיי זענען עס ס׳רוב די שוואַרצע קלאַווישן, וואָס דעם דיכטערס פינגער באַרירן סאָמנאַמבוליש אין שעה פון געפּאַלנקייט, ייִאוש און פון אינטימסטער ווידוי. לייענענדיק איצט אַ. צייטלינס לידער־כינוס האָט מען דאָס געפיל, אַז די קאָנסטרוקציע פון זיין פּערז זענען טונקעלע שטיגן, וואָס דאַרפן אַריינפירן צו אַ מער ליכטיקערן פּרוזדור, ווו ס׳קיניגט שוין דער ריין־פּאָעטישער, קילער פילאָסאָפישער באַוווסטזיין. פּאָעזיע, קבלה, פילאָסאָפיע זענען ביי אים גוטע זוימען, פון וואַנען ס׳וואַקסן־אַרויס די שטראַלנדיקע און אויך די שאָטנהאַפטיקע לידערבושן — מיט אַלע זייערע ריחות פון ביטערער ייִדן־דאַליע און פון אייביקער אמונה. דער ייִדן־אוני־ווערס, ווי אַזוי ער באַקומט זיין פאָרעם אין צייטלינס ליד, איז מער נישט דער קאַלט־סודותדיקער אוניווערס. דאָס זענען דורך אים ניי־אַנטפּלעקטע רעאַלע וועלטן, מיט אויפכוואַליענדיקע ימען מיט גרינע, שטילע ברעגן, מיט נייע הימלען און מילכוועגן, וואָס וואַרטן אַלע אויפן נייעם אָדם. אין פלוג קומט אויס אַז דעם פּאָעטס וועלט קרייזט נאָך צווישן כאַאָס און בלינד־גורלדיקייט. אַזוי איז עס נישט. אַלץ איז דאָ פעלדזיק, פאַרוואָרצלט, דעטערמיניסטיש און פאַרזיגלט מיט אַ ממשותדיקייט פון אַ פונדאַמענטאַלן יש נאָך פון די קדמון־צייטן ביז צו דער איצטיקער לעבנס־רגע. וואָרעם אַהרן צייטלינס פּאָעטישע צייט איז נישט די צייט פון הווה און אויך נישט די צייט פון עתיד אָדער עבר. זי איז די אייביקע אומפאַרענדערטע אורצייט

— און גלייכצייטיק די ייִנגסטע לעבנסצייט אין לויף פון די גורלות, ווו דער דיכטער זינגט אַ פאַרמשפּטער אין זיין קליינעם, פאַרזיגלטן אוניווערס. דאָס נאַציאָנאַלע געוויין נאָכן לעצטן חורבן און דער קבלהדיקער קערן — זענען ביי אים נישט אַ דרויסנדיקער לבוש און נישט קיין פּאַטעטישער שעטנז. דאַרנדיק און נאָך ברענענדיק ווי דער סנה, פלאַמיק און פאַרסמט פון די לעצטע ייִדן־פייערן, גליִען זיינע שורות. זיי פירן אונדז אריין אינעם פּאָעטס אומרויִקע יצירה־ספערן פון חורבן און נצח־ישראל.

## ב. חורבן

דאָס בוך לידער פון חורבן און לידער פון גלויבן האָט פינף עיקר־אָפּטיילן: א. לידער פון דריטן חורבן, ב. נצח ישראל, ג. צווישן תוהו און תיקון, ד. משיח־לידער און די פּאָעמע יוסף דילה רינה און ה. ייִדן־לאַנד. מער ווי צוויי דריטל פונעם גאַנצן בוך פאַרנעמען די אָפּטיילן לידער פונעם חורבן (212 זייטן) און נצח־ישראל (120 זייטן), בסך־הכל 332 זייטן פון די כוללדיקע 471 זייטן. קלאָר, אַז די דאָזיקע צוויי גרעסטע אָפּטיילן וועלן בעיקר זיין אָפּגעגעבן די וויטערדיקע באַטראַכטונגען.

דער טויטמיטאָס, וואָס קומט אויף פונעם אַפּאָקאַליפּטישן ייִדן־חורבן, איז אין אַ. צייטלינס ליד געוועבט פון אַ מאָדערניסטישן פאָדעם און פון אַזאַ אַלט־טראַדיציאָנעלן ייִדישן בטחון־ניגון, אַז אַפילו דאָרט, ווו דער פּאָעט שטייט פּנים־אל־פּנים מיטן פאָלקס־גורל און אויך פאַר זיין אייגענעם מענטשלעכן אָפּגרונט — בליט פלוצעם אויף די גוטע זאַנג פון אומשטאַר־ביקייט. דער פערז: „ווי קאָן איך שטאַרבן? / טויט איז נאָר צו לעבן אַ הקדמה״ (ז׳ 36) האָט ביים פּאָעט אַ קאָסמישן אָפּהילך אין דער פאַר־לענדטער ייִדנוועלט. דער אַ טויטמיטאָס ביים מעדיטאַטיוון ליריקער־פילאָ־סאָף שאַפט אויך אַ ניי־געבוירענע גוטע ערד. ס׳ווערן מער נישט געגראָבן קיין קברים פאַר דער ייִדישער האָפענונג, הגם, זי, די ערד, קרייזט נאָך אינעם חלל, ווו דער קאָסמישער גייסט שוועבט איבערן מבול און תוהו־ובוהו.

צו אָט דער „בכיה לדורות״, ווי עס הייסט ביים פּאָעט, האָט דעם

דיכטער זעליש צוגעגרייט אַ טיף־שורשדיקע געאַרבעטע ייִדישקייט פון אַ הויכער מדרגה. די פאַרשווונדענע „הייליקע שטיבער" (ז' 45) וועלן ווערן „פאַנטאַמיקע בלומען" פון יענעם פאַרשניטענעם ייִדישן יש וואָס „פאַספּאַריזירט אָן ממשות". ער פילט אין זיך די שטראָף און די שולד פון איבערלעבן דעם חורבן. „כ'האָב נישט געהאַט די זכיה מיט מיין פאָלק צו גיין דעם וועג פון פלאַמען". (ז' 62). און אויב דער באַגערטער טויט האָט אים אויסגעמיטן — בעט ער כאָטש די גנאָד פון דער טרער, וואָס זאָל אים אומקערן די אמונה.

פאַר אַ זאַך וואָס קאָן קיין מאָל נישט ווערן געשפּראַכט,
זוכט דאָס האַרץ אַזאַ טרער, וואָס איז נאָך נישט געדאַכט,
און עס בלײַבט אָן דער טרער דער באַגערטער.
ס'איז נישטאָ יענע טרער, נאָר ווי קאָן מען זײַן שטום
ווען עס שטומט נישט די פּײַן? דריי איך עלנט מיך אום
און קלײַב ווערטער.
(ז' 51)

אין דער תקופה פון „ליקוי־גאָט" ווערט זיין דיכטעריש וואָרט טייל מאָל אויך פול מיט לעסטערונג. אַהרן צייטלין זוכט די עקספּאַנסיע פון אַזאַ שטילקייט, ווו עס זאָל געפירט ווערן „דער קריג פון דער שטילקייט / דער קריג פון די זעקס מיליאָנען" (ז' 75). און ווייל ער ווייסט אַז „מיין קליינקייט קאָן זיך קדושה נישט פאַרגינען" (ז' 62) — מוז ער אָנקומען צום וואָרט, און „צו דעם שד פון ווערטער / בין איך פאַרקויפט און כ'שלעפּ די בייזע משא" (ז' 85).

אין אַ פאַרפלייצנדיקן ריטעם און מיט אַ זעלטן־דיכטערישן כוח שליי־דערט דער פּאָעט פון זיך אַראָפּ די בייזע משא פון די ייִדישע פאַרוווּנדיקטע ווערטער. אונדזערע אַלע טויטע קומען ווידער צוריק און ווערן וויינענדיקע מלאָכים. אַ. צייטלין — דער פּאָעט פון די חורבן־לידער — גייט פון איין פּאָעטישער אַנטפּלעקונג צו דער צווייטער מיט אַן אַלט ייִדיש־געוויין און מיט אַ האַרמאָנישער גאַנצקייט פון בילד און פאָרעם. פאַראַן צווישן זיינע שורות אַ כמעט רילקעשע לעכצונג צום טויט ביים אויפוויקלען אויף ס'ניי

די מגילה פון דער ייִדן־פאַרלענדונג. ער טוט עס מיט אַ ליבשאַפט אין זיינע אַלע רעקוויעמס־און עפּיטאַפן־לידער פון ייִדישן חורבן, נאָכגייענדיק אפשר אומבאַוווּסטזיניק דער רילקעשער טענדענץ, אַז יעטוועדע קונסט איז ליבשאַפט, וואָס רינגלט אַרום דעם סוד פון טויט. און טאַקע דערפאַר באַגלייט אונדז די גאַנצע צייט דאָס טראַוּמאַטישע און דאָס טרוימערישע ביי אהרן צייטלין אַזוי טיפדנאָיִק, אַזוי פיבערדיק, און אַזוי וווּנדיק. זיינע פערזן ווערן ס׳רוב גלייִקע קוילן, געשליידערטע אויף דער נאַקעטקייט פון אונדזער גוף און פאַרשאַפן אונדז בראַנדוווּנדן. אָבער וואָס טיפער די ווונדן — אַלץ זאַנפטער וועט שפּעטער פאַלן אויף אונדז דער זיסער טל פון רפואה... „דער שד פון ווערטער״ וועט ווערן מגולגל אין מלאך רפאל. נישט בלויז פאַר אהרן בן הלל ווערט יעדעס ליד אַ תיקון, נאָר אויך פאַר אונדז, געפאַנגענע פון זיינע שוואַרץ־ברויזנדיקע, הייסע פּאָע־טישע ספערן. און אויב ער הערט קיין מאָל נישט אויף צו פרעגן: „וויפל חושך האָסטו באַשטערנט?״ — קאָן מען גרייִלעך זאָגן, אַז זיינע לידער־ספערן באַשטערענען דעם חושך פון אונדזער חורבן מיט אַ ליכט פון אַ „שטראַלנדיקן ייִאוש״ און האַלב־פאַרהוילענער לעבנס־אמונה. און הגם אויך די שדישע סכנה ווי אַ מעטאַפיזישער יש פאַרלאָזט קיין מאָל נישט זיינע שורות — ליכטיקט עס אָבער מיט בליצן און פייערן איבער דעם פאַרכמאַריקטן הימל. זיין פּראָטעסט קעגן חורבן איז אימאַנענט און יללהדיק און „פאַרבינדט די פאַליוסן פון בראָך און אויפגאַנג״, אין דער אַ וועלט, ווו „ס׳שפּאַנט אייביק דער סודיקער ייִד״ מיטן אויסבאַהאַלטענעם שם־המפורש אונטער די צעוווּנדיקטע אָרעמס. „זין אָדער נישט זין? אָט דאָס וויל איך וויסן״ (ז׳ 24). אָבער דער פּאָעט ווייסט גוט, אַז דער איינ־ציקער זין פון דאָזיקן שם־המפורש איז אין אַלע דורות געווען דאָס נישט אויסגייענדיקע פייער פון גרויסער ייִדישער האָפענונג און גלויבן „מחמת ס׳טאָגט נאָך יעדער נאַכט״ (ז׳ 43).

אָבער — ביז אַ. צייטלין וועט דיכטעריש אַריבערשפּרייזן די אַ פינצטערסטע נאַכט וועט ער נאָך אָפט זיך אומקערן צום ייִדישן יאָמער־טאָל. עס פאַליעט מיט אימפּעט צווישן זיינע שורות אַן איבערוועלטיקנ־דיקער גראַמענשפּיל און שאַפט די פליסנדיקע ליד־מוזיקאַלישקייט מיט

אַ קאָנטראַפּונקטישן געוועב. זיין קאָנטעמפּלאַטיוו ליד ווערט אַ צערי־סענער פידל־־ניגון, פון וואַנען עס קלאָגט צו אונדז די יידישע פאָלקס־נשמה. "אין טיפעניש פון אונדזער זיין איז פאַראַן אַ שווערער געוואַלד־ריס" — שרייבט ער אין אַן עסיי. (די גאָלדענע קייט, נר׳ 47. „אַ תפילה און אַ ניגון"). דער אַ געוואַלדריס נאָכן חורבן איז נישט בלויז דער ביטערער עונש, וואָס עס טראָגט אים דער אָפּגעראַטעוועטער יידישער מענטש, נייערט אויך — לויט אַ. צייטלין — „דער יושב בסתר". „דאָס פייער פון טרעבלינקע האָט פאַרברענט די תפילות" (ז׳ 55). און כדי צו רעכטפאַרטיקן די אַ פאַרייאושטע לעסטערונג ביי אַזאַ טיף־יידיש־תפילה־דיקן משורר קומען באַלד די שורות:

אין כף־הקלע צווישן יאוש און אמונה
האָב איך געלאָזט מיין ווייטיק ריידן אַזאַ לשון.
(ז׳ 56)

מען וואָלט געקענט דאָ ציען אַ פאַראַלעל צווישן אַ סך חורבן־לידער פון אַ. צייטלין און דעם מקונן יצחק קאַצענעלסאָן. ביידע קומען זיך צונויף צווישן „גאַזקאַמער און גאָט" אין זייער דיכטערישער לעסטערונג. בעת אָבער אינעם לעבעדיקן צייטלין־פערז ליגט פאַרגליט אַ שפּליטער פון גלויבן — איז יצחק קאַצענעלסאָנס חורבן־געזאַנג דאָס געשריי פון אַן איוב, וואָס וועט שוין קיין מאָל זיך נישט אומקערן פון „טאָל צלמוות". די פּאָעטישע תוכחה ביי אַ. צייטלין איז אַ שוואַרצע קרויז, פון וואַנען ס׳פינקלען אַרויס דימענטלעך אמונה. זיין יצירה קומט, ווי ער זאָגט אַליין, „אין קליינע נעבעכדיקע ווערטער", אָבער די אַ נעבעכדיקע, הויך־מענטש־לעכע ווערטער, איז אויך „דאָס לעצטע העמד", וואָס איז פאַרבליבן דעם דיכטער־קטיגור. זיינע קינה־לידער — דאָס לעצטע העמד — באַשטייען דאָך נישט מער ווי פון

ווערטער־יידן, מיינע שוואַכע ברידער —
ווידער ברענג איך גאַרנישט אויסער ווערטער,
אויסער לידער.

(ז׳ 59)

אהרן צייטלין ווייסט, אַז ווערטער קאָנען אויך טראָגן אין זיך אַן אייביקייט־דויער, („זאָג אים ס׳וואָרט, וואָס האָט קיין סוף נישט״) ווייל „עס וווינט אמונה אויף רוינען״ און „איך ליג אין אַש און איך גלויב״. כאַראַקטעריסטיש איז זיין צוגאַנג צו יצחק קאַצענעלסאָנס קינות: „לייענען קאַצענעלסאָנען הייסט... אומקומען מיט יידישע מיליאָנען — און אין דער זעלבער צייט צוריק אויפשטיין פון אַש... דורך זיינע איכה־ווערק איז דער קדוש יצחק קאַצענעלסאָן אַליין געוואָרן אַ לעבנגעבליבענער... (די גאָלדענע קייט, נר׳ 46). אויך אין זיין געשלאָגנקייט „נאָך אַלע נעילות״ שטייט אהרן צייטלין ווידער ביים טויער פון רחמים. די ערד־פינצטערניש וועט, גלייבט ער, אָפּטרעטן דער זריחהדיקער שפּראָצונג פון ליכט. ער וועט צוריק אויפשטיין פונעם אַש, וואָרעם „נישטאָ קיין לעצטע יידן און קיין לעצטע תפילות״ (ז׳ 56).

דער אַפּאָקאַליפּטישער יידן־גזר ווערט ביסלעכווייז צעריסן דורך דער וואַכזאַמקייט פון אַ גוטן פּאָעטישן גייסט, וואָס טראַנספאָרמירט די כפירה אין גלייביקע, מילדע שורות. פון דער דאַרנגיפּטיקייט ווייעט אַ ניי־געבוי־רענער אָטעם — דער אָטעם פון תפילה. צייטלינס פּאָעטישע וועלט, ווו עס איז אַזוי פּאַריחידישט דער ניגון פון קבלה, ווערט אָפּגעפרישט מיטן וואַרעמען מענטשלעכן געבעט. זיין פּאַרוויסטע אייגענע וועלט און אויך די אונטערגעגאַנגענע יידנוועלט שטייט אויף פון שבעה. זיינע אויגן זענען מער נישט פּאַרגאָסן מיט געוויין — און זיין פויסט מער נישט כפירהדיק פּאַרקלעמט. זיין שורה ווערט ליכטיק, גלייביק, אַן גרימצאָרן און פּאַר־שמעלצט מיטן דיכטערס שורש — מיטן בראַסלאַווערס און בעש״טס ניגון אין זייער רחמים צום לעבעדיקן. דער פּאָעט אהרן צייטלין געדענקט מסתמא גוט געטעס סענטענץ, אַז גאָט איז ווירקזאַם בלויז אינעם לעבעדיקן — און קיין מאָל נישט אינעם טויטן. און דאָס וואָס דער פּאָעט געהערט צו אונדזערע מאָדערניסטישע שאַפערס פּאַרמינערט עס לחלוטין גאָרנישט פון זיין טראַדיציאָנעל־אוריידישלעכן גייסט אין זיין ליריש־תפילהדיקער שורה.

איז עס נישט אַנדערש ווי דעם פּאָעטס שורשדיקער גייסט, אייגענע־

הילט אינעם מאָדערנסטן לבוש, האָט זיך באַפרייט און ער זינגט בעל־שם־טובדיק:

וויי באַלד דו אָטעמסט ווײַטער — טוסטו תפילה.
דער אָטעם דײַנער גופא איז געבעט.
מתפלל איז די פרי, מתפלל איז די שפּעט.
יעדע רגע דאַוונט. זשומט אַ פליג אַ שטילע —
איז איר זשום אַ תפילה נישט קיין קלענערע ווי דײַנע.
(ז׳ 56)

**ג. נצח ישראל**

פונעם בעל־שם־טובדיקן געזאַנג ביזן נצח־ישראל־מאָטיוו איז דער וועג שוין באַפרייט פון אַ סך חורבן־פּייערן און שטרויכלונגען. אַהרן צייטלין זעט נישט מער ווי די „היפּנאָטיזירטע ביימער פינצטערן פאַנטאַ־מיש / ביימערן מחוץ זייער חומר" (ז׳ 125). ער דערזעט דעם חומר גופא און שטייט מיטן פּנים צו דער דערהייבנדיקסטער לעצטער ייִדן־ווירק־לעכקייט. דער נצח־ישראל ווערט אין זיין יצירה אַ קדמונדיקער עלעמענט, וואָס אַפילו דער שוואַרצסטער שטן קאָן נישט פאַרלענדן, ווייל „אני מאמין בביאת ישראל". פאָלקס־גזר און פאָלקס־נסיון ווערן לסוף פאַרזיגלט אין נאַציאָנאַלער באַשערטקייט דורך „נעם דעם גזר און צערייס אים מיט דיינע מעשים". דער צעריסענער גזר — האָט געבוירן דאָס פייער פון אַ נייעם גלויבן. פון אַלע אַבלותן שטייט־אויף די אמונה אין נצח־ישראל, אין לא אמות כי אחיה. אַוודאי זענען די סתירות צווישן אומקום און אויפ־קום אין אַזאַ ייִדישן פּאָעט ווי אַהרן צייטלין נישט פאַרשוווּנדן. דער טויט־גזר און דער כרת איבער אַ גאַנץ פאָלק גליט אומפאַרלעשלעך צווישן זיינע פערזן. פון דאַנען די צעצווייגטקייט פון דער צייטלינישער וויזיע. דעם דאָזיקן דואַליזם גיט איבער צום נאָענטסטן דאָס ליד „דער רבי ר׳ נחמן" (ז׳ 276):

עס ברענען אין אים סתירות,
מחמת ער האָט זוכה געווען צו שמחה,

אַ שמחה, וואָס רירט אַזש אָן די ספירות,
מוז ער דורך די נעכט און דורך די טעג
מיט די קליפּות פון עצבות
פירן אַ געשלעג.

דעם פּאָעטס שטענדיקער אינעווייניקסטער געפּעכט, זיין עצבות און צעריסנקייט ברענגען אונדז אין די לידער מער שאלות ווי תשובות. ווי שטאַרק איז זיין בענקעניש צו זיין „דער קלוגער תּם, וואָס איז געפּאַנצערט אין אמונה״. דאָס בוך איז אַ האָמאָגענע גאַנצקייט — פון עצבות און אמונה. צום בולטסטן איז אַ. צייטלינס פּנים אין זיין אַכזריותדיקן געפּעכט מיטן עבר. דאָס איז דער שטורעם, וואָס בושעוועט איבערן שוין איינגעקילטן זכרון. אָבער דער דאָזיקער שטורעם ווערט אויך זיין פּאַנצער און ער מאַניפעסטירט, דער פּאָעט, זיין אויפוואַכנדיקע בענקעניש צו אַ דערלייזנדיקער, ממשותדיקער רעאַליטעט. אין די נצח־ישראל־לידער ליכטיקט נאָך מיט אַ באַלאַדישער, געלייטערטער אַבלות און מיטן בליאַסק פון טרערן. וויפל ער זאָל נישט ווערן אַריינגעצויגן אין דער פאַנטאַסמאַגאָריע פון חורבן — שוועבן דאָך אַרויס פונעם מבול די גרינע ראַנדן פון אַ ניי־אויפוואַכנדיקער ערד. שוין שפּראָצט שלווהדיק און פרידלעך דער אייל־בערטבלאַט פאַר דער אָפּגעראַטעוועטער מבול־טויב. אַזאַ איז אויך דאָס געזעץ פון נצח־ישראל און אַזאַ דאָס געזעץ פונעם לעבעדיקן דיכטער:

ווער איך באַפעלן זיך אַליין: וואַך־אויף!
וועל איך באַפעלן זיך אַליין: אַנטלויף!
אַנטרינען וועל איך צו דער וואָר און וואַכקייט —
פון דעם טויט.

(ז׳ 61)

און אַנטלויפנדיק צו דער וואָר און וואַכקייט באַגלייט אים דאָס אַסטראַלע ליכט פון נצח־ישראל. הינטער דעם פּאָעט שפּרייזן מיט פאַרכטיקייט דער בעש״ט און ר׳ נחמן און — פאַר אים — די מאָנענדיקע פאַר־

שטומטקייט פונעם קדוש־טאַטע ר׳ הלל. אין סאַמע מיט, צווישן תוהו און תיקון — אַהרן צייטלין, איינער פון די סאַמע ייִדישסטע פּאָעטן אין אונדזער מאָדערנער דיכטונג. זיין קונסט איז צייטיק מיט שלימות, מחמת —

עס גיסן צונויף דייַנע פינגער
שלימות פון צייַטיקסטער קונסט
מיט פרישער פאַנטאַזיע פון קינדער.
נאָר דערפון ווערט מייַן ווייטיק נישט לינדער.
(ז׳ 63)

און אפשר איז טאַקע גוט פאַרן פּאָעט, אַז זיין ווונד ווערט נישט פאַר־היילט. אים ווערט גוט וואָס ער איז דערגאַנגען צו אַ שלימותדיקן פּאָעטישן אמת, וואָס איז איבערצייטלעך און ער זינגט פון נצחיות־דיקן ייִדישן קיום:

אָ, צווישן אייַך איז גוט מיר, ברידער,
צו ליגן קרבנדיק און שטאַר.
כ׳האָב אויסגעקויפט די זינד פון לידער
דורך טיילן הייליק אייַער גזר.
כ׳בין נישט מיט ווערטערלאָסט באַלאָדן,
איצט בין איך גרויס ווי איר — אָן רייד,
אַ טייל פון אייַער סוד, וואָס גייט
דורך בלוט און גזר צו העכסטע גנאָדן.
(ז׳ 109)

פון נצח־ישראל שטייגט אויף גלייביק און גנאָדיק די מעטאַמאָרפאָזע פון אַהרן צייטלינס ליד. דעם פּאָעטס לידער־כינוס פאַלט אויס ערב זיין ווערן אַ בן־שבעים. באַגלייטן מיר די דאָזיקע ווערטער אויך מיט אַ **ברכה**: זאָל ער נאָך לאַנגע יאָרן טראָגן די „ווערטערלאָסט״ און די „זינד פון לידער״, וואָס זאָלן אים אין דער ייִדישער פּאָעזיע פירן צו אַלץ העכערע גנאָדן.

## אליעזר גרינבערג (1978—1896)

# פּאָעט און עסייִסט

### א.

די ריין־עסייִסטישע קריטיק, ווי אַ ספּעציעלער זשאַנער אין דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק, האָט זיך אָנגעהויבן נישט פריִער ווי מיטן קומען פון בעל־מחשבות. ער, דער געוועזענער מוסרניק, וואָס האָט שפּע־טער צוגעטראָגן דער ייִדישער ליטעראַטור פּיִאָנערישקייט אויפן געביט פון פּובליציסטיש־קריטישן עסיי — איז אויך געווען פון די ערשטע, וואָס האָט געוועקט ביים לייענער דאָס געפיל פון ליבשאַפט צו די קלאַסיקער.

דער עסיי, ווי אַן אַלטע ליטעראַטור־פאָרעם, פאָדערט פון זיין שאַפער, אַ חוץ קונסט און קולטור־בקיעות, אויך אַזאַ וויסן, וואָס האָט נישט דווקא צו טון מיט דער קינסטלערישער מאַטעריע. אַ גרינטלעך וויסן אין נאַטור־וויסנשאַפט, פילאָזאָפיע, עסטעטיק און פסיכאָלאָגיע — האָט דעם עסייִסט תמיד צוגעגעבן פליגל, שווונג און טיפן אָטעם. זיי האָבן עס פיל אויס־געברייטערט די קריטישע ראַם, אויסגעפונען אינעם ווערק די באַהאַלטענע ווערטן מיטן סובטעלן אַנאַליז און מיט אַלע אַקצעסאָריעס, וואָס אַ קלאַ־סישער עסיי מוז האָבן. אָבער — דעפינירן אַן עסיי איז גראָד אַזוי שווער ווי צו דעפינירן פּאָעזיע.ביידע זענען זיי אומדעפינירבאַר — אין טיף־קינסטלערישן זין — אָבער ביידע מוזן פאַרמאָגן: יצירהדיקע טעמפּעראַטור, אוממיטלבאַרקייט, סענסיטיוו־שאַפערישע געמיט, קלאָרע שפּירונגען, בילד־לעכקייט, אַטמאָספער פון תוכיקע קונסט־אמתן, געגעבן מיט צימצום, מיט שווונג און חן. דאָס זענען, אין דיקע שטריכן, בערך, צו וואָס עס צילט דער קלאַסישער עסיי און וואָס מיידט אָבער תמיד אויס דעם ליטעראַריש־זאַמ־דיקן ווערטער־מאַנאַלאָג — דאָס טרוקענע לערנען קריטיק לשם קריטיק, ווי ס׳טרעפט אָפט ביי עסייִסטישע פּובליציסטישע קריטיקער.

אין אויביקן זין האָבן אונדזערע געקרוינטע קריטיקער ווי ש. ניגער און ד״ר מוקדוני נישט געגעבן קיין ריין־עסייִסטישע קריטיק. זייער קריטיק

מיט אַלע מעלות, איז אָבער געווען אַ רש״י־קריטיק, אַ גוטע פּאַרטייטשונג און אויסטייטשונג, אַ מין פּאַלמעסונג פונעם ווערק, אָן דער לעבעדיקער אַטמאָספער און אָן דער שאַפערישער טעמפּעראַטור, וואָס נאָר זיי דערנענטערן פאַרן לייענער דעם שאַפונג־פּראָצעס און מאַכן דעם עסייִסט אויך פאַרן מיטשאַפער פונעם קינסטלערישן ווערק. אויב ש. ניגער האָט יאָ געגעבן די אַטמאָספער פונעם שרייבערס ווערק, איז עס געווען אַ פּאַרטייטשטע אַטמאָספער — און נישט די אינספּיראַטיווע הייסע טעמפּעראַטור, וואָס וועקט אויף די מקורותדיקע אַטמאָספער פון דער יצירה. זיין פּעדער, ביי אַלע אירע קריטישע מעלות, האָט נישט געהאַט דעם אָנרעגנדיקן יסוד פאַר אַ קריטיש־יצירהדיקן עסיי — אַזוי ווי מיר פאַרשטייען אים, דעם עסיי, היינטצוטאָג.

ס׳איז מערקווירדיק, אַז די פאַרשטייער פונעם ליטעראַטור־עסיי ביי אונדז זענען על פּי רוב די, וואָס דינען גלייכצייטיק אויך דעם פּאָעטישן וואָרשטאַט. מעגלעך, אַז דער עסיי אין זיין אור־טבע, אין זיינע מקורות־דיקע וואָרצלען — מוז זיך ערגעצוווּ צונויפטרעפן מיט דיכטערישע חזיונות, מיט רעגונגען פון ריין־לירישע קוואַלן, מיט קינסטלערישן צימצום און לאַקאָנישער וואָרט־חכמה. נאָך בעל מחשבותן האָבן דעם קינסטלערישן עסיי געפלעגט און פאַרטיפט, בלויז אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט (די עסייִסטיק אין אַנדערע לענדער — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך) די פּאָעטן: י. י. סיגאַל, ב. ב. מינקאָוו, יעקב גלאַטשטיין, א. טאַבאַטשניק — און זינט יאָרן ווי עס טוט עס מיט פיל ליטעראַטור־ערודיציע דער ניו־יאָרקער פּאָעט אליעזר גרינבערג.

ביז איצט זענען פון אליעזר גרינבערג דערשינען דריי עסייען־זאַמלונגען: „משה לייב האַלפּערן אין ראָם פון זיין דור״ (1942), און די לעצטע צוויי אויסגאַבעס, וואָס מיר באַהאַנדלען איצט: „צענטראַלע מאָטיוון אין ה. לייוויקס שאַפן״ (1961), און „יעקב גלאַטשטיינס פּרייד פון ייִדישן וואָרט״ (1964).

ווי אַזוי גיט אונדז דער פּאָעט אליעזר גרינבערג די דערמאָנטע צוויי דיכטער אין זיינע קריטישע עסייען?

דורך אַ קלאָרן, סובטעלן אַנאַליז, אין אַ בצימצומדיקער עסייִסטישער

פֿאַרעם, דערנענטערט ער אונדז צו דער אויסדערוויילטער לעקטור פֿון די ביידע פּאָעטן. מיט זיין רייך ליטעראַריש וויסן, וואָס איז פֿאַרוועבט אין אהבת־פּאָעזיע, זוכט ער דורכצולייכטן, האַלטנדיק זיך טריי ביים טעקסט, די צוויי דיכטערישע וועלטן. ער גיט אונדז דאָס געהיים־מעטאַפֿיזישע, דאָס מיסטיש־פֿאַרבאָרגענע, די יצירהדיקע פּראָטאָפּלאַזמע, כדי שפּעטער אונדז צו ווייזן די ריינע פּאָעטישע רעאַליטעט, איר פֿולע לאָגיק, וואָס באַקומט אַן אויסדרוק אינעם ווערק. ער ווייזט אונדז די אומצעטיילבאַרקייט צווישן דעם מענטשן און זיין פּאָעטישן סך־הכל. אליעזר גרינבערגס שטודיע וועגן ה. לייוויקס שאַפֿן וואַרפֿט אַ ניי ליכט אויפֿן פּאָעטישן עוואָלוציע־וועג פֿון אַזאַ גרויסן דיכטער ווי ס'איז ה. לייוויק. אָן די עיקר־עלעמענטן, וואָס דער קלאַסישער עסיי פֿאַרלאַנגט, וואָלטן א. גרינבערגס שטודיעס איבער לייוויק און גלאַטשטיין נישט דערגרייכט דעם געוווּנטשטן ציל. דורך זיינע עסייִס־טישע פֿאָרמולירונגען און אַנאַליטישע דינקייטן וויברירט פֿאַר אונדז אויפֿ־סניי די אַנגעגליטע אַטמאָספֿער פֿון הויכער פּאָעזיע, נישט ער שאַפֿט אַ פּאַטעטישן קלימאַט אַרום דעם ווערק, נאָר אויף דער הייליקער דיסטאַנץ פֿון עטישער פֿאַרליבטקייט טרעפֿן זיך ווידער צונויף, דער קינסטלערישער טאַט און אידעע, — דער דיכטער־עסייִסט מיטן פּאָעט, דעם בעל־יצירה.

אליעזר גרינבערג אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז זיין עסייִסטיש־קריטישן מעטאָד אויף אַזאַ אופֿן:

„דער קריטיקער טאָר קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן פֿון אויג דאָס וואָס ער געפֿינט אין טעקסט, ער באַדאַרף זיך אין דעם טיף אַריינלעבן און ערשט נאָכדעם — מיט דעם צידה לדרך — מעג ער זיך ערשט אויפֿהייבן אויף זיינע אייגענע פֿליגל. און גראָד אין אָט דער באַגרענעצטקייט ליגט די וויכטיקסטע און שאַפֿערישסטע פֿונקציע פֿון דעם קריטיקער און נישט אין דעם באַמיִען זיך צו שרייבן פֿאַראַפֿראַזירטע פּאָעזיע וועגן פּאָעזיע, אָדער זיך באַנוצן מיט אַ ווערק ווי אַן אויסרייד פֿאַר דער אייגענער מוזע" (אונטערגעשטראָכן פֿון מיר — י. ש.).

פֿון די אויביקע שורות איז צו דרינגען, אַז דער דיכטער אליעזר גרינבערג איז קעגן קריטיק לשם קריטיק, גראָד ווי ער איז קעגן קונסט

לשם קונסט. די קריטיק דאַרף זיין מאַגנעטיש פאַרבונדן מיטן ווערק און אויך זיין מסוגל שאַפעריש אויסצובררייטערן, אויפן סמך פונעם טעקסט, די פאַרהוילענע אידעען, שיינקייטן, וועלטן. דאָס האַלטן זיך שטרענג ביים טעקסט רופט ער אָן באַגרענעצטקייט, אָבער „אין אָט דער באַגרענעצטקייט ליגט די וויכטיקסטע און שאַפערישסטע פונקציע פון דעם קריטיקער". מיר וואָלטן עס אָנגערופן גיכער אומבאַגרענעצטקייט, דאָס מיינט אַזאַ שטאָף־אָפּקלייב, וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די גרענעצלאָזע, גוטע פּאָעטישע ערד, וווּ עס וואָרצלט דעם שאַפערס ווערק. בלויז זי, די פּאָעטישע ערד, גיט ערשט דעם עסייִסט די באַגייסטערנדיקע כוחות אויפצוהייבן „זיינע אייגענע פליגל". פון דעם איז אויך צו דרינגען, אַז דער פּאָעט אליעזר גרינבערג גלייבט שטאַרק אין עסייִסטישער קריטיק (אין דער אמתן — צוריקגעשמועסט — איז נאָך ביז איצט נישט קלאָר וועמען דינט בכלל די קריטיק: דעם שאַפער, דעם ווערק, דעם לייענער צי גאָר... דעם קריטיקער גופא). צי האָבן די גרויסע ווערק אין דער וועלט־ליטעראַטור, מיט זייער אייגענער, אומדירעקטער השפעה, עפּעס געוווּנען מערער פון דעם, וואָס זיי האָבן אין זיך — אַ דאַנק דער קריטיק? איז דאָך אַ ליטעראַריש ווערק ווירקנדיק אויסשליסלעך ביחידות, אין זיין אייגענער פול־סירנדיקער טעמפּעראַטור, מיט זיין אייגענעם ליים און ציגל — און נישט אין די שענסטע עסייִסטישע מעטאַמאָרפאָזן. אָבער דאָס אַלץ איז בלויז — דיגרעסיע. מיר קאָנען נישט שטעלן קיינמאָל אין ספק דאָס אמת־יצירהדיקע און שיינע. און טאָקע דעמלט, בעת די קריטיק איז איינגעשפּאַנט אינעם שאַפערס טעקסט, איז זי מסוגל צו שאַפן נייע קינסטלערישע יצירה. אַזאַ איז אויך די עסייִסטישע קריטיק פון דיכטער אליעזר גרינבערג, וואָס נעמט אויף די אינפלוענצן אין זיך, כדי צו שאַפן אַ גוטן זיווג צווישן זיין עסיי און דעם קינסטלערישן ווערק.

### ב. זיין קריטישער אַנאַליז און סינטעז

דער פּאָעט אליעזר גרינבערג צילט מיט אַלע גוטע מיטלען, וואָס ער האָט אין זיין רשות, צו אַ זיווג צווישן זיין עסיי און דעם קינסטלערישן ווערק. ער געפינט גיך אויס די איינהייטלעכקייט, די אומצעטיילבאַרקייט

צווישן דעם ווערק און דער ביאָגראַפיע פונעם דיכטער. אַזוי איז עס ביים באַהאַנדלען לייוויקן און אַזוי איז עס אויך ביים באַהאַנדלען גלאַטשטיינען. זיינע אַרויסגעזאָגטע מחשבות ווערן אויך געשטאַרקט מיט די דיסקרעטע דיגרעסיעס וועגן פּאָעזיע און קריטיק ביי אַנדערע פעלקער. לייוויקס כוללדיק שאַפן צעטיילט א. גרינבערג אין פיר הויפּטזיילן: א) פריִע באַוווּסטזיניקייט וועגן דיכטער־שליחות, ב) טאַטע־זון־מאָטיוו, ג) הייליקייט פון מענטש און ד) די גאולה וועט נישט קומען דורך פיזישער מאַכט. אויף יעדן זייל באַזונדער בויט־אויף דער עסייִסט לייוויקס גרויסן פּאָעטישן בנין, וואָס באַקומט אַ דורכזיכטיקייט און אַ ביאָגראַפישע אַדעקוואַטע רעכטפאַרטיקונג פון לייוויקס חלומות, געראַנגל און יסורים אין משך פון תקופות.

דאָס זעלבע געשעט ביים באַהאַנדלען דאָס נייעסטע בוך פון י. גלאַטשטיין „פרייד פון יִדישן וואָרט״. אויך דאָ באַנוצט זיך אליעזר גרינבערג מיטן זעלביקן עסייִסטיש־קריטישן מעטאָד ווי ביים אַנאַליז פון לייוויקס יצירה. ער געפינט אויס די נאָענטע קרובהשאַפט פון יעקב גלאַט־שטיינס לעצט לידער־בוך מיט זיין ביז־איצטיקער פּאָעטישער עוואָלוציע — איבער די 17 ווערק אין פּראָזע און פּאָעזיע. ער הייבט אַרויס דאָס זעלטענע, ציטירט לידמוסטערן, כדי צו באַווייזן גלאַטשטיינס „קילן מע־דאַטיוון אינטעלעקטואַליזם און אָנגעגליטע עמאָציע״. שורה נאָך שורה פירט אונדז דער דיכטער־עסייִסט אין די לאַבירינטן פון אַ גרויסן שאַפערישן כוח, וואָס איז מיט אהבת־יִדיש־לשון דערגאַנגען צו הויכע פּאָעטישע דערגרייכונגען. גרינבערג, דער פּאָעט, האָט אין די לידער פון יעקב גלאַט־שטיין געפונען אַ גוטע געלעגנהייט אַרויסצואַנטפּלעקן די סודות, שפּורן, מעטאַפיזישע כוחות אין דער קאָמפּליצירטער אַלכעמיע פון יעקב גלאַט־שטיינס דיכטערישן ניגון און זינגעוודיקייט. וואָס מערער ער דרינגט אַריין אין געוועב פון גלאַטשטיינס פּאָעזיע — אַלץ מערער שפירט מען דעם אַראָמאַט פון זעלטענער יצירה און איר נאַציאָנאַל־גורלדיקן אַספּעקט אויפן פאָן פון אונדזער תקופה. דער עסייִסט באַוואָרנט זיך אָבער, אַז דעם לייענער פון גוטער פּאָעזיע זענען די לידער גוט־באַקאַנט און ער בייטיקט זיך נישט אין קיין רשימה און נישט אין קיין קריטיק — „און די יעניקע,

וואָס זענען נישט באַקאַנט מיט די לידער, בייטיקן זיך אַוודאי נישט אין דעם". ווייל — פּירט אויס זיין קריטישן אני מאמין דער דיכטער־עסייאיסט גרינבערג — „קריטיק וועגן און איבער לידער — מעג זי זיין די סאַמע שאַפערישסטע — קאָן קיינמאָל נישט פאַרנעמען דאָס אָרט פון די לידער גופא. לידער מוז מען לייענען און איבערלעבן אַז זיי זאָלן ווערן אונדזערע אַן אייגענע לעבנס־דערפאַרונג, און אַז דאָס געשעט, ווערט אויך קלאָר, אַז טעמאַטיק אַליין — בלייבט בלויז טעמאַטיק, ווייל טעמאַטיק איז אויף אַזויפיל וויכטיק אויף וויפל דער דיכטער קאָן זי פאַרוואַנדלען אין קונסט".

דער עסיי איבער „פרייד פון יידישן וואָרט" פון יעקב גלאַטשטיין פאַרנעמט נישט מער ווי 44 זייטלעך. אָבער יעדעס זייטל איז ווי אַ מיל־גראַם אָנגעפילט מיט כל טוב. אָט איז בלויז אַ קורצער מוסטער פון א. גרינבערגס עסייאיסטישן סטיל, ווו געמאָסטענער פּערז, אָפגעהיטענער רעיון, שטרענגע צילבאַוווסטקייט קומען זיך צונויף מיט גרינטלעך וויסן און פּאָעטיש געמיט.

פאַררופנדיק זיך אויף אַ ציטאָט פון ריינער מאַריע רילקע, אַז „פּערזן זענען נישט, ווי מענטשן דענקען, בלויז געפילן, אַז לידער זענען — דערפאַרונגען" ציט זיין עסייאיסטישן שמועס דער פּאָעט אליעזר גרינבערג אויף אַזאַ אופן:

„גלאַטשטיינס ליד איז אַלעמאָל אַ דערפאַרונג, און אָפטמאָל אַ נייע, אַן איבעראַשנדיקע דערפאַרונג. די אידעישקייט, דער סיפור־המעשה פון ליד, ווערט אַלע מאָל פאַרהויכט פון זיין אייגנאַרטיקער פרישער בילד־לעכקייט, פון דער טרעפיקער אַסאָציאַציע און אַ דאַנק דעם וואָס ער פּאָרט־צונויף ווערטער אויף אַזאַ אופן אַז זיי זאָלן זיך פריי באַוועגן אין אַ זיך־וויגנדיקן אייגנאַרטיקן ריטם — און זיך אויפלייזן אין אַ פאַרכאַפּנדיקער מוזיקאַלישקייט. מען קאָן ברענגען אילוסטראַציע נאָך אילוסטראַציע אַלס באַווייז ווי וויכטיק דער עלעמענט פון מוזיק איז אין דער קאָמפּאָזיציע פון זיין ליד. אַזאַ פּאָעט און קריטיקער ווי קאָלרידזש האָט געהאַלטן, און אויך ער האָט אין עצם בלויז איבערגעזאָגט דאָס וואָס שעקספיר האָט שוין געזאָגט פאַר אים, אַז „דער וואָס פאַרמאָגט נישט מוזיק אין זיין נשמה וועט קיינמאָל נישט זיין קיין עכטער פּאָעט". און די צוויי פראַנצויזישע

פּאָעטן און טעאָרעטיקער פונעם סימבאָליזם סטעפאַן מעלערמעי און פּאָל וואַלערי זענען באַשטאַנען אַז די סימבאָליסטישע פּאָעזיע, וואָס אָפּעריערט דער עיקר מיט סוגעסטיע און אַסאָציאַציע „באַדאַרף צוריק אָפּנעמען ביי דער מוזיק דאָס, וואָס די פּאָעזיע האָט צו איר פאַרלוירן". אויך די אימאַזשן און מעטאַפאָרן ביי גלאַטשטיינען זענען נישט קיין פּאָעטישע אָרנאַמענטיק צוליב זייער אייגענער שיינקייט וועגן, ווי אָפּטמאָל ביי אַנדערע פּאָעטן, נאָר דאָ זענען זיי פּאָעטישע באַשטאַנדטיילן צום דינען דער שיינקייט פון גאַנצן ליד".

אין סך־הכל:

אליעזר גרינבערגס שאָפערישער עסיי איז אַ באַדייטנדיקער בייטראָג צו דער עסייִסטישער קריטיק אין יִדיש. זיין אוממיטלבאַרקייט און טריי־קייט ביים איבערגיסן די טיפסטע קינסטלערישע עמאָציעס אין אַ דורכזיכ־טיקן סטיל, זיין פּיעטעט, וויסן און דיכטערישער צימצום, באַווירקן, אַז דורך דער אָ קלאָרקייט זעט מען דעם שלאָגנדיקן קוואַל פון דער יצירה — גראָד ווי מען זעט דעם דנאָ אין אַ דורכזיכטיק, טיף וואַסער. ער באַנוצט זיך קיינמאָל נישט מיטן ליטעראַרישן פּילפּול וואָס איז תמיד אַ באַלאַסט און איז בדרך כלל אַ באַלעמער פאַר אַ ריין־סוביעקטיוון מאָנאָלאָג אויף אויסלאָדענען די אייגענע רעיונות. אליעזר גרינבערג איז קודם כל אין זיין עסיי באַשיידן, אין זיינע פאָרמולירונגען — ציכטיק־צוריקגעהאַלטן. אויב זיינע אָרויסזאָגונגען האָבן יאָ טיילמאָל אין זיך אַ הייסן גראָד פון אויטאָריטאַטיווער סענטענץ — זענען זיינע מחשבות געלאָדנט מיט אַ סך צוטרוי, וואָס ער וועקט אין אונדז. די צוויי אַרבעטן, וועגן ה. לייוויק און יעקב גלאַטשטיין, מיט זייער אַנאַליז און סינטעז זאָגן עדות פון אַ סוגעס־טיוו־קריטישער מחשבה און גלייכצייטיק אויך פון אַ סענסיטיוו־שאָפערישן אָטעם. אַלע די אויסגערעכנטע שטריכן: אַנאַליז, סינטעז, סוגעסטיווקייט און סענסיביליטעט — זענען גענוגענדיקע כוחות אויף צו באַלעבן אויפסניי און אונדז צוטראָגן די אוצרות פון דער ליטעראַטור אין זיין קינסטלעריש־קריטישן עסיי.

## ג. עסייִסטישע קריטיק פון אַ דיכטער
### צו זײַן ווערן אַ בן שבעים

אליעזר גרינבערג, ווי אַ פּאָעט און ווי אַן עסייִסטישער, מקורותדיקער קריטיקער, האָט שוין פון לאַנג זיך אָפּגעשפּאַרט זײַן יסודותדיקן עמוד סײַ אין דער ייִדיש־דיכטונג און סײַ צווישן די אָנגעזעענסטע אויסדריקער פון ליטעראַריש־קריטישן עסיי. ביידע געביטן — דיכטונג און עסיי — זענען בײַ אליעזר גרינבערגן אָרגאַניש פּאַרוועבט, וואָרעם פון ביידע טראָגט זיך צו אונדז דאָס גוטע, מקורותדיקע פײַער פון יצירה. ער געהערט צו אונדזערע שאַפערס, וואָס שעמען זיך נישט זייער וואָרט אַרומצוהילן מיט צניעות און באַשיידנקייט און אויך מיט דער פּשוטער אינטעלעקטועלער מחשבה, אַ פאַרגלידערטע אין זײַן פּאָעטישער שורה. די אַ אַלע אייגנשאַפטן: באַשיידנקייט, שרײַבערישע צניעות, אינטעלעקטועלער מוט אין דער פּאָעזיע — זײַ אַלע האָבן געפונען אין א. גרינבערג זייער גוטן מיזוג. איצט, בעת אליעזר גרינבערג איז אַרײַנגעטראָטן אין די זיבעציקער יאָרן פון זײַן לעבן, איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן, כאָטש בקיצור, אויף דער שאַפערישקייט און אייגנטימלעכן חותם פון דאָזיקן אָריגינעלן דיכטער און קריטיקער־עסייִסט.

בײַ אַלע ליטעראַטור־פעלקער — און אויך בײַ אונדז — פאַרשווינדט אַלץ מערער דער אַלט־דורותדיקער באַגריף שליחות פון דער ליטעראַטור. דער דאָזיקער באַגריף האָט פאַרלוירן פון זײַן הייסער, אוניווערסאַלער קראַפט. די אַמאָליקע וויזיאָנערישע אַספּיראַציעס פונעם שאַפער טרעטן אַלץ מערער צוריק אין שאָטן. אויף זייער אָרט איז געקומען דער פאַרצוימטער תחום פון ענג־דיפערענצירטע אידעאָלאָגיעס, ווו דער שרײַבער, אונטערן דרוק פון טעכנאָלאָגיע און גיכן אומבייט פון ווערטן, שאַפט אַלץ מערער ווי אונטער אַן אַלפּן־דרוק. די שליחותדיקע שאַפערישקייט, יצירהדיקע צניעות און צוריקגעהאַלטנקייט אין דער ליטעראַטור וועט באַלד ווערן אַ לעגענדע.

די דאָזיקע מחשבות קומען אויפן זינען בעת מיר גייען אַרײַן אין דער יצירה פון אליעזר גרינבערג. אַ נישט צו גרויסע אין כמות איז זײַן

ביז־איצטיקער יצירה — פינף ביכער לידער און דריי קריטישע עסייען־זאַמלונגען. אָבער זייער איכות איז היקפדיק און ייִדישלעך־פּאַרטיפט, היסטאָריש־רייך אויסגעבערייט און מיט אַ שאַרפן אַנאַליטישן חוש פאַר קלאָרקייט און פּרעציזקייט. אין אליעזר גרינבערגס לידער פלאַטערן־אַרום זיינע אינדיווידואַליסטישע חזיונות ווי די קאָנקרעטסטע וואָרהאַפ־טיקייט. זי איז געגעבן מיט צימצום און מיט קאַרגשאַפט פון וואָרט און געפיל. אַ חוץ מיט אינטויציע און דיכטערישן שאַרפזין טיילט זיך אויס זיין פּאָעטישע שורה אינעם פיל געזאָגטן און פיל געזונגענעם אין דער ליטעראַטור: מיט דער אחריות, מיט דורכזיכטיקייט פון דער אידעע, פון זיין מחשבה, פון ייִדישן וואָרט.

אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווו די פּאָעזיע און קריטיק האָבן אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור דערגרייכט אומגעוויינטלעכע הייכן האָט דער ייִדיש־שאַפער בישט תמיד געזען פאַר זיך אַ מקור פאַר זיינע אייגענע שאַפערישע נסיעות. ער האָט גיכער אויפסנייַ פונאַנדערגעשפּרייט די אַלטע נאָסטאַלגיע־פליגל און געשוועבט מיט זיי צו יענע מקומות וואָס האָבן אים גענערט מיטן ערשטן טרוים פון זיין קינדהייט און יוגנט. אויך דער היימישער, פאַרבענקטער און תמיד וואַכער פייזאַזש פון דער אַלטער היים איז געוואָרן דער קאָלאָריט סיי אין דער פּראָזע און סיי אין דער פּאָעזיע. אַ גאָר קליין הייפל פון שאַפערס האָט געוווסט ווי אַזוי די אַלטע פליגל צו באַנייען מיט פרישע שאַפערישע כוחות און זיך גענערט, אָדער געוואָרן באַיינפלוסט פון אַזעלכע שרייבער ווי וואָלט וויטמאַן, עמערסאָן א. א.

ווי אַ מאָדערנער דיכטער האָט אליעזר גרינבערג געוווסט ווו עס איז די גרענעץ פון פרעמדע גרויסע מקורות פאַר זיין אייגן שאַפן אין דער פּאָעזיע און אין דער קריטיק. ער האָט אין זיך גוט דורכפילטרירט דעם וויטמאַנישן פייזאַזש, ער איז צוגעקומען צו דער ריינער עסענץ פון עמער־סאָנס קריטישן עסיי, און ער איז איצט פאַר אונדז איינער פון די מעדי־טאַטיווסטע און נסיונותפולע עסייִסטן און דיכטער. ער איז באַגלויביקט, עטיש ריין אין זיינע אַלע אַרויסגעבערענגטע מחשבותן. אַלץ וואָס קומט אַרויס פון אונטער זיין פען האָט אין זיך דעם גלי פון שאַפערישער אחריות און שרייבערישע גוטע מידות. זיין פּאָעטישע שורה איז פול מיט דיכטע־

רישער איבערצייגעוודיקייט און מיט אומפּאַטעטישער שיינקייט. זיין וואָרט איז קלאָר, קלוג און קיל — אָבער אויך מיטן וואַרעמען רייץ פון אַלטע הומאַניסטישע אמתן. הינטער זיין פען שטייט די וועלט תמיד גרייט אַרויס־צוגיין פון כאַאָס — און ווערן געלייטערט דורך האַרמאָניע, צניעות פון מחשבה און אַלטשרייבערישער שליחות.

צום שטאַרקסטן קומט עס צום אויסדרוק אין גרינבערגישן עסיי. אין אַ געפּרעסט־בצימצומדיקער פאָרעם דערגענטערט ער אונדז די יצירות פון אַזעלכע פּאָעטן ווי משה לייב האַלפּערן, לייוויק און גלאַטשטיין. מיט זיין רייך ליטעראַריש וויסן, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אהבת־פּאָעזיע, זוכט אליעזר גרינבערג דורכצולייכטן די דריי גרויסע דיכטערישע וועלטן. ער גיט אונדז די יצירהדיקע פּראָטאָפּלאַזמע, דאָס מיסטיש־פאַרבאָרגענע און אויך דאָס מענטשלעך־נאַקעטע, כדי אונדז צו אַנטפּלעקן זייער ריינע, גרויסע, פּאָעטישע רעאַליטעט, די פולע לאָגיק, וואָס באַקומט אַן אויסדרוק אינעם ווערק פונעם באַהאַנדלטן שאַפער. ער ווייזט אונדז, אליעזר גרינ־בערג, די אומצעטיילבאַרקייט צווישן דעם מענטשן און זיין פּאָעטישן סך־הכל. דורך זיינע עסייִסטישע פאָרמולירונגען וויברירט פאַר אונדז אויפסניי, מיט אַנאַליטישע דינקייטן, די אָנגעגליטע אַטמאָספער פון הויכער פּאָעזיע. אליעזר גרינבערג שאַפט נישט קיין פּאַטעטישן קלימאַט אַרום דעם ווערק, נאָר אויף דער הייליקער דיסטאַנץ פון פאַרליבטקייט טרעפן זיך ווידער צונויף, אין זיין קינסטלערישער פאָרמולירונג און אידעע, דער דיכטער־עסייִסט גרינבערג מיטן פּאָעט, דעם בעל יצירה.

שרייבנדיק וועגן אליעזר גרינבערג צו זיינע 70 באַגריסט יעקב גלאַטשטיין דעם בעל יובל בעת ער „קומט אַריין אין זילבערנעם וואָלקן־קרייז פון די שבעים״.

יעקב גלאַטשטיין רעדט מיט אַ סך וואַרעמע, באַשיידן־התלהבותדיקע ווערטער וועגן זייער חברשאַפט — דער דיכטערישער און מענטשלעכער — וואָס האָט זיך געצויגן צווישן אים און דעם פּאָעט און מענטש אליעזר גרינבערג, איבער 40 יאָר. דער דאָזיקער כמעט האַלבער יאָרהונדערט האָטביידן אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט צונויפגעזיגלט מיטן שענסטן חבר־שאַפט־ און טריישאַפט־זיגל, וואָס איז נאָר מעגלעך ביי באמת נישט־

דורכשניטלעכע בעלי־יצירה. קיין שום שאָטן איז נישט געפאַלן אויף זייערע אויסגעשטרעקטע געטרייע הענט און שלאַנגדיקע ריינע פּאָעטישע הערצער. און בעת יעקב גלאַטשטיין שרייבט וועגן בעל־היובל, אַז ער „קומט אַריין אין זילבערנעם וואָלקן־קרייז פון די שבעים", וואָלטן מיר נאָך צוגעגעבן צום שיין־פּאָעטישן זאָג פון יעקב גלאַטשטיין אויך אונדזער ברכה: אַז דער־אָ „זילבערנער וואָלקן" זאָל אַלץ מערער געהייכט ווערן און וואַכן איבער אונדזער יִדיש־לאַנד. זאָלן די פליגל פון די זיבעציקער געשטאַרקט ווערן מיט כוחות פון גוף און גייסט, פון חלום און פון יצירהדיקער טאַט — ביז הונדערט און צוואַנציק.

## אפרים אויערבאַך (1892—1973)

# אַ גרויס לעבן צווישן גראָע טאָוולען

### אויפן ראַנד פון זיין בוך „אַ לעבן צווישן טאָוולען"

ס׳איז צערפּול בעת ס׳פּאַלט אַ דאַר, בלוטלאָז בעריאָזקעלע. אומגעהייער צערפּולער איז ווען ס׳פּאַלט אַ דעמב. דורך דורות איז זיין איינזאַמע דעמביקייט געווען פאַרוואָרצלט אין דער וואַלד־ערד, געוואַקסן מיט יעדן שטורעם און געוואָרן געשלאָגן פון הימלדיקע בליצן און וואַלדיקע דונערס. בליצן אַנטפּלעקן נייע הימלישע וועלטן. דער אָפּהילך פון דונערס קומט צו אים צוריק אין געמורמלטע פסוקים תהלים. דער דעמב איז בטבע אויך געבענטשט מיט שלווה. נאָך שטורעמדיקע צייטן קומט די שטילקייט, זי זינגט צו אים דעמאָלט פון רחמים און תפילה. צעגליטע שקיעות בענקען צו די ערשטע פּאַסטאָראַלע זונאויפגענג, צו יינגלשאַפט און קינדהייט. דעמאָלט ווערט ער דורכגעוואַקסן מיט דער שווערער קאָרע פון עצבות. און אַז ס׳קומט צו אים די צייט־גרענעץ — צווישן לעבן און טויט — קוקט שוין זיין דעמביקע קרוין אַראָפּ געבוקטערהייט אין דער נידער: מיט הכנעה, מיט געפּרוווטקייט און מיט שפּעט־אָוונטיקער חכמה. ער הערט נאָך צווישן די אָפּגעשיילטע צווייגן די לעצטע פייגלשע מזמורים. באַלד ווערט זיין שטאַם אויך אַרומגעצוימט מיט די לעצטע שפּעטזומערפעדעם. ציטערנדיקע פעדעם פון זיקנה, געוועבטע אויך מיט שטילער, ריינער שירה. אָט איז געקומען גאָטס פאַרהוילענע צייט פון זיין דעמביק פאַלן אינעם קילן, אייביקן שאָטן.

בעת איך נעם אין האַנט דאָס לעצטע בוך פון אפרים אויערבאַך „אַ לעבן צווישן טאָוולען", ווו דער פּאָעט האָט איינגעזאַמלט אַלע זיינע דיכטערישע חלומות, האָב איך דאָס געפיל: איך האַלט אין האַנט אַ שטיק אָפּגעשיילטע, פרישע, דעמביקע קאָרע. אירע סודותדיקע פאַרטיפונגען,

כראָפּעוואַטע ריצן און קאָרע־שניטן, טראָגן נאָך אין זיך דעם פּאַרגליווערטן ריח פון האָניק־זשיוויצע. פון זיי גייט צו מיר אַ זעלטענער דופּט פון זיסקייט און פון איינזאַמער דעמביקער זינגעוודיקייט. „אַ לעבן צווישן טאָוולען" איז נישט סתם אַ בוך פון אויפגעזאַמלטער פּאָעזיע, נייערט אויך אַ שיינער, דעמביקער חלום פון אַ ייִדישן דיכטער, אַ פאַרפּישופּטן מיט שירה, מיט עברי־טייטש, וואָס האָט געגלייבט, אַז צווישן „טאָוולען" קאָן ער אַריינגיסן אַ גאַנץ, פול לעבן — זיין דעמביקייט, זיין חלום, אַלע וויכערדיקע גענג און טרויערן פון אַ מאָדערנעם, נאַציאָנאַל־ייִדישן פּאָעט.

די באַשערטקייט פון א. אויערבאַך, סיי אַלס מענטש און סיי אַלס בעל־יצירה אין אונדזער ליטעראַטור, האָט אים באַשאָנקען מיט אַ באַזונדער־יחידישן רייץ און כוח. ער האָט געשטאַמט פון אַ פּרוכפּערדיק־פעטער ערד, וואָס געבירט אויך שווערע פּירות. אָבער אין זיין דיכטערישן אינגעווייד איז ער געווען, לדעתי, אַ סובטעל־ריינער ליריקער און אַ גרינגער כדי צו באַוועלטיקן די שווערע צוימען פון פּאָעטישן וואָרט. ריין־פּאָעטישע התגלותן לאָזן זיך תמיד דערקענען אַפילו אין דער מינדסטער, אָרעמס־טער שורה. ביי א. אויערבאַך זענען זיי קאָנצענטרירט ווי אין אַ ליכטיקן, געזונטן וויינשל־קערן. איך מיין: זיין טיפע ייִדישע פּאָעטיק, דאָס זינגען פון זיך אַליין, צו זיך אַליין, גראָד ווי אַן אָפּגעשיילט שטיקל דעמביקע קאָרע זינגט, קלאָגט, טוט תפילה און בענטשט דעם הימל פאַר אַלע גנאָדן, טרויערן און פריידן.

נישטאָ קיין שטילער גליק ווי יונגשאַפט אויף צוריק,
קיין רויִקער געמיט ווי שעפּן זיך אַליין,
אַן עמער איבער ברונעם וויגט זיך אויף אַ שטריק,
דאָס וואַסער טיף, מיט זון געקאַרבט, איז כּשר־ריין.

און הגם א. אויערבאַך איז געווען אַ ריינער ליריקער אין זיין דיכ־טערישער פּאַטענץ — האָט ער נישט אויסגעוואָרקעט מילד זיינע פּאָעטישע חלומות, נייערט זיי אַלע אויסגערעוועט מיט אַ קילער, געמאָסטענער טראַגיק פון שיינקייט. „איך האָב צו רעווען אַ טבע", איז ער זיך מודה

אין אַ ליד צו זיין פרוי „חנהן". אָבער הינטער דעם רעוועז האָט אָפּגע־הילכט אין זיין ליד אַ פּאָעטישע תמימות, אַ קרישטאָליקע אויסגעהאַמערט־קייט און גוט־אויסגעטראָגנקייט פון דיכטערישן חזיון. גראָד ווי זיינע לידער — אַזוי זענען אויך פאַר מיר געוועזן זיינע שווער־אַראָפּפאַלנדיקע געדיכטע ברעמען. הינטער דער האַלבער אויגן־פאַרשלאָסנקייט האָט זיך אויסבאַהאַלטן די גוטע מילדקייט פון זיינע גראָ־בלוילעכע אויגן. זייערע בליקן האָבן געוואָרעמט, געגלעט, דערציילט, געעקבערט מיט פּאָעטישער אַלט־היימישקייט און עברי־טייטש נאָסטאַלגיע. דאָס קול זיינס, וואָס איז געוועזן אַ שווערס און געהאַט אַ מעטאַל־געוויכט, איז פאַר מיר אויסגע־קומען תמיד ווי אַ קאָמופלאַזש. ער האָט עס בלויז אויסגעבאָרגט אויף אַ ווײַלע פונעם גוף, בעת זיין אמתע, אינעווייניקסטע שטים — די שיינע וויבראַציעס פון זיין נשמה, זיין האַרצגעוויין און די ממעמקים־רופעניש — האָט ער קלוג אויסבאַהאַלטן צווישן די לידער „אַ לעבן צווישן טאָוולען".

א. אויערבאַכס ליד איז געבוירן געוואָרן אין אַ וויכערדיקן דור, וואָס האָט דורך ספיקות און בלאָנדזשעניש, געזוכט אמונה, שיינקייט און נאַציאָנאַלע דויערהאַפטיקייט. פון „קאַראַוואַנען" (1918) ביז „וואָך איז דער סטעפּ" (1963) ליגט אויסגעשפּרייט די טראַגיש־שווערע יידישע וואָר. אינעם פּאָעטס אויג האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אונדזער מוטיקע נאַציאָ־נאַלע טאַט און דורך איר האָט ער געגרונטפעסטיקט זיין יצירהדיקע מחשבה. אין דער טאַט איז ער געוועזן אַ מאמין אין דער אייביקייט פון יידיש־עברי־טייטש און פון אייגענער ערד. אין דער פּאָעטישער מחשבה האָט ער געקענט זיין מענטשלעך־טרויעריק, עלעגיש, אַפילו סקעפּטיש.

די קלאַנגען מעסטן און די ווערטער ציילן,
דעם טרויער וועגן אויף אַפּטייקערס וואָג,
פון פּלאָנטער זיך אַליין אַרויסצושיילן
און וויסן, אַז ס'איז נישטיק וואָס איך זאָג.

אַזוי קאָן זיך מתוודה־זיין נאָר אַן ערלעכע פּאָעטישע נאַטור, וואָס האָט דערקענט די פּרוכנעוואַטע יסודות פון שיין־אויפגעבויטע דיכטערישע וואָרט־געביידן.

*

איינס פון א. אויערבאַכס ביכער „וואָך איז דער סטעפּ" מיט זיין כּוח־אויסדרוק און דינאַמיק, פאַרגלייכט יעקב גלאַטשטיין צו דער דיכטע־רישער קראַפט פונעם גרויסן אַמעריקאַנער דיכטער ראָבערט פראָסט, ווייל „ער (אפרים אויערבאַך) איז אין דעם בוך אַ גלענצנדיקער פּאָעטישער דערציילער, אַ תּמציתדיקער שילדערער און גלייכצייטיק אויך דער שאַפער פון קלענערן ליד, וואָס איז דינאַמיש אין דורכפּיר...".

דאָס, וואָס יעקב גלאַטשטיין זאָגט בנוגע א. אויערבאַכס פּאָעטישער דערציילערישקייט און תּמציתדיקער שילדערונג, רעפלעקטירט מערער — דוכט מיר — פון אויערבאַכס שטאַרק־עסענציעלע עסייען ווי פון זיין ליד. מיר ווייסן, אַז א. אויערבאַך האָט אָנגעהויבן אין דער ליטעראַטור מיט פּראָזע. עפּעס פון צעמענטירטער עפּיק איז אויך פאַרבליבן אין זיין עסיי, אָבער אויך לייכטע שפּורן אין דער קערנדיקער געמאָסטנקייט פון זיין פּאָעטישער שורה, נעמלעך: דער שטרענגער ליד־נוסח, די פעסטע ראַם, דער מעטאַלענער אָפּהילך פון זיין ריטמיש וואָרט און דער קאַרגער צימ־צום אינעם ליד, וואָס לאָזט נישט, אַז די פּאָעטישע שורה זאָל איבערטרעטן די גרענעצן פון אַ מער פּראָזאַישער לעקסיק. דאָס אַלץ מיינט, אַז א. אויערבאַך האָט ווי אַ שאַפער זיך דערגרונטעוועט דורך קינסטלערישער האַרמאָניע צו די עיקר־־יסודות פון אמתער ליטעראַטור.

דעם מקור פון א. אויערבאַכס יצירה איז צו זוכן אין די זיסטע און קלאָרסטע קוואַלן פון אונדזער לאַנג־דורותדיקער ייִדישער פאָלקסטימלעכ־קייט. זיין בעסאַראַבער וויג האָט אים מיטגעגעבן אַן איכותדיקע רעגיאָ־נאַלע פונדאַמענטאַלקייט באַגלייט מיט אייגענעם עברי־טייטש, וואָס האָט נאָך געמאַכט זאַפטיקער, גרינגער, תּמציתדיקער און פעטער זיין אייגן מאַמע־לשון. אויך דער נאַטור־פּייזאַזש האָט אין אויערבאַכס ליד אָפּגע־פונען אַ שטאַרק־גלייביקן בעל תּפילה. ס'איז זעלטן צו טרעפן ביי אים אַ ליד, וואָס זאָל נישט באַגלייט ווערן מיט: סטעפּ, שטערן, פייגל, זאַנג, זון, כוואַליע, זאַמד,ביימער. דאָס איז די קאָלירקע פּאָעטישע מאָזאַיִק, אַרי־בערגעפּלאַנצט פון זיין היימערדישער ייִנגלשאַפט. ער האָט תּמיד געבענקט און ליב געהאַט זיין קינדהייט און די ייִנגלשאַפט. אַ פריש ייִנגלשאַפט־

געפיל האָט אויך אים באַגלייט אויף דער עלטער — און דוכט זיך, אַז דאָס איז געווען זיין אייגנטלעכער פּאָעטישער שם־המפורש. דאָס, וואָס ער האָט אַזוי עלעגיש־שיין באַזונגען אין אַ ליד „אַ ייִדיש קינד״, גילט אויך פאַרן פּאָעטס גאַנץ שאַפעריש לעבן.

ביסט געוואַקסן ביַי אונדז ווי אַ זאַנג,
מיט דער זון, מיט ווינט, מיטן ציטער,
האָסט דעם הימל נאָך אַלץ נישט דערלאַנגט
און פאַרשניטן האָט דיך שוין דער שניטער.

אפרים אויערבאַך איז אַוועק אַן אַנגעזעטיקטער מיט בישט־אויסגעזונגענער פּאָעזיע. דאָס איז בטבע דער גורל פון יעדן אמתן פּאָעט. די גרענעצן פון ריינער פּאָעזיע לאָזן זיך נישט אַריינפּאַסן אינעם דיכטערס מענטשלעך־באַגרענעצט לעבן. דער גוף, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין דעמביק — איז געפאַלן. אָבער זיין ברייטער שאָטן פלאַטערט איבער די בלעטער פון „אַ לעבן צווישן טאָוולען״. דאָרט איז פאַרבליבן די זיסע קאָרע און זי עטעמט נאָך מיט זיין פּאָעטישער פרישער האָניק־זשיווינצע. תמציתדיק־שיין, עלעגיש־קיל און עפּיטאַפיש האָט ער צו אונדז געזונגען זיינע ווידווידיקע שורות:

אַרויסגעפאָרן ביסטו מיט אַ גאַנץ געמיט,
ווי ס׳פירט דער פויער זאַנגען תּבואה פונעם סטעפּ,
נאָר פולקייט דיַינס האָסטו אין וועג נישט אָפּגעהיט
ביז ליידיק האָסטו זיך צום אָוונט־ברעג דערשלעפּט.
די אויגן עפנסטו און קוקסט דער נאַכט אין מויל,
די שטילקייט ציטערט טרוקן ווי אַ דאַרער קנויט, —
ס׳איז גוט צו גיין צוריק, אַז איצטער ביסטו הויל,
און פילן אין געביין ווי פולער ס׳איז דער טויט.

דאָס איז א. אויערבאַכס פּאָעטישע הכנעה, וואָס קען די גורל־אומפאַרמיידלעכקייט. ער איז אָבער געוואָרן נישט פולער מיט זיין אַוועקגיין,

נייערט שוין ביי זיין לעבן האָבן מיר געהאַט דאָס זיכערע געפיל פון זיין יצירהדיקער פולקייט, פון זיין שלימות און פון זיין דעמביק־יינגער פּאָע־טישער פאַרוואָרצלטקייט. דאָס אַלץ, וואָס באַקריינט אַזוי שיין אַ סך געביטן פון אונדזער ייִדיש־יצירה. אין זיין ספר „אַ לעבן צווישן טאָוולען" האָט ער אַריינגעפירט אַ ברייטע, עשירותדיקע גאַמע פון זיין שאַפעריש לעבן — „ווי ס'פירט דער פויער זאַנגען פונעם סטעפּ". און דאָס וועט בלייבן זיין ליכטיקע צוואה פאַר אַלע די, פאַר וועמען דער קוואַל פון ייִדיש־לשון וועט דורותדיק זינגען און תמיד זיין דימענטיק־קלאָר־ און אומפאַרגאַנגלעך.

## י. י. שוואַרץ (1971—1885)

# דער פּאָרטרעט פון אַ דיכטער

דאָס אָרט, וואָס אַ דיכטער שפּאַרט זיך־אָפּ אין דער ליטעראַטור במשך פון אַ דור אָדער צוויי — דערגרייכט ער בדרך כּלל נאָך אַ לאַנג־שאַפע־רישן פּראָצעס פון פּאָעטישער התמדה, דורך איינזאַמער צוריקגעצויגנקייט, דורכן אַרייַנבליק אין די טיפעניש פון זיין אייגן לעבן און אין לעבן פון זיין דור. ביים אויספאָרעמען דעם אינטימען פּאָעטישן פּאָרטרעט, וואָס איז אומפאַרגלייכבאַר מיט יעדן אַנדערן בעל־יצירה, קומען אָבער, בעיקר, אַרויס אויפן אויבערפלאַך אַלטע ירושה־וואָרצלען, די דורותדיקע מחשבה־פאַרקניפּטקייט, וואָס טראָגן־איבער די קאָנטורן פון לאַנג־פאַרשוווּנדענע דורות. אַלטע פאַרשטאָרבענע נשמה־פייערן גליִען אויפסניי אין די נייע גורלות פון פּנימער און הערצער. וואָס טיפער און גרונטיקער דאָס פּ אָ ע ־ ט י ש ע — און אויך ה י ס ט אָ ר י ש ע א ו י ג — אַלץ באַצויבערנדיקער איז דער תּיקון פון דער באַגייסטערטער, פּאָעטישער טאָט, פון דער יצירה אין דער גייסטיקער ירושה־קייט פון די אָבות.

אין י. י. שוואַרצס דיכטערישער פיזיאָגנאָמיע איז פאַראַן אַלץ: דער־אָ לאַנגער וועג פון פּאָעטישער התמדה, די לעבעדיקע ירושה־וואָרצלען פון די אָבות, דער אַרייַנבליק אין די טיפעניש פון זיין דור און אויך דאָס אַראָפּלאָזן זיך אין די גרונטן פון אייגענעם איך. די אַלע אייגנשאַפטן און גוטע מידות שאַפן דעם פּאָרטרעט פונעם דיכטער און איבערזעצער י. י. שוואַרץ, אַזאַ ווי ער האָט זיך אונדז געגעבן צו דערקענען מיט זיינע גרעסערע פּאָעמעס, מיט די קלענערע לירישע לידער און אויך אין די

---

י. י. שוואַרץ, געקליבענע לידער, פאַרלאַג „די גאָלדענע קייט" תּל־אביב, 129 זייטן, 1968.

זעלטן־שיינע איבערדיכטונגען פון דער העברעיִשער פּאָעזיע. י. י. שוואַרצס פּאָעטישע וועלט איז אָבער נישט די וועלט פון אַ פאַרשלאָסענער, הערמע־טיש־פאַרמאַכטער ליריק. זיין ליריק דערציילט אויך אַ סך פון דרויסנדיקן כלל־לעבן. זיינע פּאָעמעס זענען אָפט פאַרהויכט מיט אַן עפּיש־ד ע ר־צ י י ל ע ר י ש ן אָטעם אין בעסטן נוסח און טראַדיציע פון אונדזער פּראָזע. אפשר דערפאַר מיינט יעקב גלאַטשטיין, שרייבנדיק וועגן י. י. שוואַרצס פּאָעמע „יונגע יאָרן", אַז „אין זיין ליד זעט מען, אַז ס'רייסט זיך צום אויסדרוק אַ פּראָזע־מייסטער פון גאַנץ גרויסן פאַרנעם". דאָס איז לחלוטין נישט לגנאַי פון דיכטערס פערז, וואָס האָט, לויט מיר, אַ באַזונדערן קוואַל פון שיינקייט אינעם ריין־דיכטערישן ניגון. י. י. שוואַרץ ווי אַ פּאָעט גייט קיין מאָל נישט אַוועק פון דער אייגענער ראַם, פון זיין אייגענעם ניגון און פון די דיכטערישע וואָרצלען. אַפילו זיין גרעסטע יצירה „קענטאַקי", וואָס איז שוין אַנטשטאַנען אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, ווו דער פּאָעט איז אַריינגעוואָקסן געוואָרן מיט אַלע זיינע דיכטערישע שפּירונגען און דער־קענטענישן, טראָגט אויך אין זיך אַ מין גילדענעם, אונטערערדישן אָדער, וואָס איז פאַרפעלדזיקט מיטן לעבעדיקן אָטעם פון שוין פאַרלאָשענע ייִדישע וועלטן. עס גייט וועגן דעם ייִדישן אופן פון זען און דעם ייִדישן אופן פון מאַכן אונדז איבערלעבן דאָס געזעענע. האָבן מיר טאַקע אין זיין כללדיק שאַפן דעם פּאָעטס דינע פינעזיע, זיין פילבאַרקייט בנוגע דער קאָנטינויִטעט פון ייִדישן גייסט. ער פירט אונדז אין זיין יצירה מיטן ברייטן שוווּנג פון גע־מעל, מיטן געמיט פונעם פּאָעטיש־עפּישן ניגון, מיט זון און נעפּל, וואָס הילן־אַרום זיין ייִדיש שאַפעריש וואָרט.

דאָס בוך „געקליבענע לידער", וואָס דער פאַרלאַג „די גאָלדענע קייט" האָט צוגעטראָגן במתנה דעם דיכטער צו זיין יובל פון ווערן אַ בן־שמונים און איז אינספּירירט פונעם גרויסן אוהב־יידיש זלמן שזר — איז נישט קיין ניי בוך נייערט „אַן אַנטאָלאָגיע פון אַ זעקס צענדליק יאָר אָריגינעלער שאַפונג (וואָס) דער פּאָעט האָט אַליין אָפּגעקליבן", ווי עס ווערט דערמאָנט אין דער הקדמה צום בוך. אין דעם דאָזיקן לידער־אָפּקלייב פילט מען אויך די כוונה פונעם בעל היובל — און מען דאַרף טאַקע זאָגן, אַז קיין בעסערן

אָפּקלייב פון זיין דיכטערישער שפע קאָן מען זיך גאָר נישט פאָרשטעלן. און גוט האָט געטאָן דעם דיכטערס האַנט, וואָס האָט דאָ צונויפגעזאַמלט בעיקר די לירישע לידער, וואָס זיי אַליין, מיט זייער זינגעוודיקייט און האַרבקייט, מיט זייער עלעגישער שיינקייט און פּאָעטישער וואַכזאַמקייט, מיט זייער קהלתדיקן ניגון און שטראַלנדיקער פּאַרטרערטקייט — שאַפן די גילדענע ראַם צום פּאָרטרעט פון י. י. שוואַרץ, דעם באַזינגער פון אַמעריקע און דעם באַזינגער פון דער מענטשלעכער הילפלאָזיקייט און בדידות.

אין די־אָ קליינע לירישע פערזן ליגט י. י. שוואַרצס אייגנטימלעכער פּאָעטישער כוח, וואָרעם זייענדיק אַ בן־שמונים און צוריקבליקנדיק צום פאַרגאַנגענעם און צום פאַרגייענדיקן — האָט זיין דיכטערישע האַנט מיט אַ כוונה אויסגעקליבן די און נישט קיין אַנדערע שירים. די אַנטאָלאָגיע איז דעם פּאָעטס אני מאמין. יעדעס ליד לייכט פאַר זיך — צניעותדיק, פרום און איובדיק. יעדער באַזונדערער פערז איז טרערנדיק־וואָרעם. די עיקר־מאָטיוון פון די־אָ קליינע פאַרגליווערטע לידער־פערעלעך זענען די אייביקע מאָטיוון אין דער פּאָעזיע: טויט, צער, וועלקונג, אַלטקייט, איינזאַמקייט — און די לייכטנדיקע האָפענונג פון אייביקן לעבן. דאָמינירנדיק איז דער מינאָרער טאָן וועגן אומפאַרמיידלעכן אָוועקגיין און זיקנה. דער פּאָעט י. י. שוואַרץ זינגט זייער אָפט וועגן כרת און אַלטע לייט. אָט זענען, למשל, די קעפּלעך פון אַ ריי לידער: אַן אַלטער ייִד מיט צוויי הינט (76), אַלטוואַרג (78). נאָך וועגן אַלטוואַרג (80), אַן אַלט פּאָרל ביים ים (83). אויךביימער זענען ביים פּאָעט ווי דורות.

די אַלטע עפּל־ביימער ליגן אויסגעריסן —<br>
— הרוגים אין דעם ווייַסן שניי — — —<br>
— — — די ווינטערזון

הענגט נידעריק און אָוונטיק און קאַלט<br>
און פאַרבט דעם גרינלעך־בלויען שניי אין רויט<br>
און שפּיגלט זיך אין בלאַנקען שטאָל פון זעג,<br>
וואָס שנייַדט זיך אין אַ בוים.

(ז' 66)

י. י. שוואַרץ זינגט „דאָס ליד פון אָפּגעבליטן דור" (ז׳ 68) אין יעדן קליינעם לירישן ליד. ער געפינט אָבער אַ טרייסט פון פאַרגאַנג אין דער דעמערונג.

דאָס ביסל האָניק אויפן שפּיץ פון שטעקן,
וואָס איז אין לעבן דיר געווען באַשערט —
איז זיס געווען צום גומען...
ס׳קומט אויפגאַנג און פאַרגאַנג פון מוטערס טראַכט:
זיי רויִק ביים געזעגעניש — אַ גוטע נאַכט!
(ז׳ 104)

אָדער:

אַלץ בליט און צייטיקט זיך
קומט אויף און ווערט פאַרוועלקט; און מיטן וועלקן
בייַט אַלץ זייַנע קאָלירן, חוץ דער נאָדלבוים
וואָס גרינט אַפילו פון דעם שניי אַרויס. (ז׳ 84)

י. י. שוואַרץ דער פּאָעט איז אין אונדזער פּאָעזיע פאַרבליבן דער נאָדלבוים, וואָס גרינט אַפילו פונעם שניי אַרויס. זיין פּאָעטישע שורה גרינט און שפּראָצט אויך אין זיין לויכטנדיקער זיקנה. דער קוואַל פון עצבות פליסט מיטן קוואַל פון שמחה. אַזאַ איז די שורשדיקע אַלטע חכמה פון פּאָעט, וואָרעם

ניטאָ איצט קיין פּרוּוערס, קיין שפּעטערס,
ס׳איז דאָ בלויז די איינע מינוט.
אַן איבעררוף, צוויטשער פון שוואַלבן —
קענסט זאָגן איין וואָרט בלויז: ס׳איז גוט! (ז׳ 87)

און מיר זאָגן טאַקע מיטן פּאָעט: ס׳איז גוט, וואָס זיין קול איז דאָ אין דער יידישער פּאָעזיע. ס׳איז גוט וואָס זיין ניגון איז פאַראַן אין יידישן וואָרט. ס׳איז דאָס קול און דער ניגון פון דורות, פון זייער איבעררוף, וואָס איז אייביק — ווי דער צוויטשער פון שוואַלבן און ווי דער נאָדל־בוים, וואָס גרינט אייביק און וויאַנעט קיינמאָל נישט.

## ל. דאָמאַנקעוויטש (1973—1899)

# דער קריטיקער־עסייִסט

אויב אַ ייִדישער שרייבער וואָס איז בנס אַרויס פֿונעם ״אומקום־אוניווערס״ דערגייט, נאָך אַלע זײַנע גיהנומדיקע פּרעגיותן, צו דער גרענעץ פֿון פֿינעף־ און זיבעציקסטן לעבנסיאָר — איז עס אויך אַ נס פֿונעם ייִדיש־אוניווערס, פֿון דעם־אַ זינקענדיקן פֿאַר אונדזערע אויגן אוניווערס, וואָס, וויפֿיל ער זאָל נישט ווערן אײַנגעשרומפּן און צעפּאַל־מעסט דורך די פֿאַרשיידענע מיתות (בנשיקה און נישט בנשיקה) — גליט ער אָבער נאָך מיט זײַן קערנדיקער ליכטיקייט, מיט זײַן אַלט־היימישער ייִדישער וואַרעמקייט און מיטן גוטן חלום פֿון זײַנע פֿאַרוואָגלטע שאַפֿערס איבער דער גאָרער וועלט. אויב דאָס איז בבחינת נס פֿאַר דער אלמנה ייִדיש — איז עס, אָן ספֿק, אַ זעלטענע געניוגטוּונג פֿאַר אַ ייִנגערן חבר פֿון דאָזיקן עלטערן שרייבער. וואָרעם — ביידע, לייזער דאָמאַנקעוויטש און דער שרייבער פֿון די שורות, זענען צוזאַמען אַ שטיקל וועג דורכגע־גאַנגען די זעלביקע ,,פּרעהיסטאָרישע״ יאָרן פֿון יענעם ייִדיש־אוניווערס, וואָס האָט דעמאָלט נאָך אויסגעזען צו קרייזן מיט די שענסטע רעגנבויגנ־דיקע האָפֿענונגען — און איז לסוף, פֿאַר אונדזערע אויגן אַזוי בלוטיק און שווער־פֿאַרווונדיקט געטראָפֿן געוואָרן.

פֿאַראַן אומצאָליקע גוטע שרייבער, וואָס אַנטפּלעקן זיך אַלס שאַפֿערס ערשט גאָר שפּעט אין זייער לעבן. דער גאָר שפּעט באַציט זיך בלויז צו די ביאָלאָגישע יאָרן פֿונעם מענטשן, אָבער קיינמאָל נישט צו דער יצירה גופא, וואָס ווייסט נישט פֿון קיין מאוחר־און־מוקדם־געזעץ. אמתע יצירה אויף יעדן שטח איז נישט יונג און נישט אַלט. זי איז אייביק. וואָרעם יצירה מיינט: מיטלעבן, מיטשאַפֿן און מיטגיין נישט בלויז מיטן אַקטועלן, נאָר בעיקר מיטן אייביקן, וואָס ליגט פֿאַרזיגלט אינעם אַקטועלן. פֿון ביידע

אַטריבוטן — פון אַקטועלן און פון אייביקן — האָט דער עסייִסט ל. דאַמאַנקעוויטש אויפגעשטעלט זיין שאַפערישע וועלט, ווו דער יצירה־מאַגנעט איז אָבער מער געווענדט צום אייביקן, צו דעם וואָס לעבט, וויבּרירט אומצעשטערבאַר אינעם מענטשן און איז דורותדיק פאַרוואָרצלט אינעם ייִדישן קיום.

אויך ל. דאַמאַנקעוויטש געהערט צו דעם טיפּ שרייבער, וואָס האָט זיך „שפּעט אַנטפּלעקט", אָבער דער זוימען פון שפּעטערדיקער שאַפערישקייט איז שוין געלעגן גוט פאַרקיימט אין זיין פריִען יוגנטלעכן באַוווּסטזיין. אַוודאַי טוט גרויס חסד די שאַפערישע ערד, בעת זי וואַרעמט־אויס לאַנג אין זיך און היט־אָפּ אויף אַזאַ אופן דעם יצירה־זוימען פון אַ צוייליקער פריצייטיקייט. אין דער יצירה איז פריצייטיקייט נישט תמיד אַ גוטע סגולה. דער גראָער כּרך לאָדזש, ווו דאַמאַנקעוויטש איז אָנגעקומען פון זיין אויסבאַהאַלטן געבוירן־שטעטל קרושניעוויץ, האָט גיך אויפגענומען אין זיך דעם קרושניעוויצער עילוי — און אים אויך געשיצט פון צוייליקער פריצייטיקייט. דערפאַר אָבער האָט ער זיינע לאָדזשער יאָרן געטיילט מיט אַ סך אַנדערע שוין דעמאָלט גאָר צייטיקע און גייסטיק שטאַרק אויפגעוואַכטע יונגע מענטשן. אַלע זענען זיי געווען געבונדן צווישן זיך, אַחוץ מיט די פעדעם פון קבלה, תלמוד, פילאָזאָפיע, ליטעראַטור־ און קונסט־פּראָבלעמען, אויך מיטן גראָען, גראָב־אויסגעשפּינטן פאָדעם פונעם לאָדזשער טעקסטיל־יריד — פּשוטו כּמשמעו. דער דאָזיקער מגושמדיקער טעקסטיל־פאָדעם האָט זיי געהאַלטן אַלע אַרומגעשפּינט ווי מיט אַ שווערער נעץ. נישט יעדער פון זיי האָט געהאַט די זכיה — און אויך נישט די סגולות — אויסצוּוועבן פון דאָזיקן פאָדעם פאַר זיך, אין התבודדות און חלום, דעם גילדענעם פאָדעם פון שאַפערישקייט און עמקותדיקער ייִדישער מחשבה. צו די, וואָס די שעפערישע ערד האָט זיי אָפּגעהיטן, אויך אין דער פינצטער פון די נסיונותפולע אומקום־יאָרן, און זיי שפּעטער אַרויס־געפירט אונטער דער זון — געהערט ל. דאַמאַנקעוויטש, דער שרייבער מיטן אייגנאַרטיקן פּנים, מיטן אייגן וואָרט און ניגון, מיט זיין ספּעציפיש־תּוכיקער פּען, וואָס האָט אים ווי אַן עסייִסט־קריטיקער צוגעטיילט אַ גאָר בּכבודיק אָרט אין דער ייִדישער עסייִסטיק.

צוויי זענען די עסייען־ביכער, וואָס האָבן ל. דאַמאַנקעוויטשן אַוועק־געשטעלט אויפן גוט־פאַרדינטן אָרט אין דער ייִדישער עסייִסטישער מחשבה: „פון אַקטועלן און אייביקן" (1954) און „ווערטער און ווערטן" (1965).ביידע ביכער פאַרמאָגן אַ ברייטע גאַמע פון טעמען, וואָס ווייזן וואָסערע וועלטן, נאָענטע און ווייטע, עס קרייזן־אַרום דעם שרייבערס יצירהדיקער אָקס. בעת אינעם ערשטן בוך זענען צוויי דריטל געווידמעט סאָציאַלע עסייען, תנ"ך־מחשבות, פילאָזאָפיש־עסייִסטישע עקסקורסיעס און בלויז איין דריטל דעם ריינעם ליטעראַטור־קריטישן עסיי — איז אָבער שוין דאָס צווייטע בוך געווידמעט כמעט אויסשליסלעך ייִדישע שרייבער און זייערע ווערק. דאָ האָט דער עסייִסט און קריטיקער ל. דאַמאַנקעוויטש געפונען פאַר זיך אַליין אַ פעלד, וווּ ער קען אויך אויסשפּינען זיין אייגענעם גילדענעם פאָדעם פון יצירה. זאָגט ער דאָך אין דער הקדמה צום בוך „ווערטער און ווערטן": „פאַר מיר אַליין איז קריטיק אַ ליטעראַטור־פּרעטעקסט, אַן אויסרייד דורך ‚יענעם' צו זאָגן אייגנס". און וואָס אַזוינס צו זאָגן אייגנס און אייגנאַרטיקס האָט דער עסייִסט טאַקע באַוויזן מיט זיינע צוויי ביז־איצט דערשינענע ביכער. וואָרעם „סוף־כל־סוף טוט דאָך דער מענטש נישט עפּעס אַנדערש מיט אַלע זיינע רייד און מחשבות ווי פאַרטייטשן זיך אַליין, און דורך וועמענס מויל ער זאָל נישט רעדן, רעדט ער אַלץ זיינע אייגענע רייד" (פון דער עסיי „י. גלאַטשטיין — דער קריטיקער").

געפינען מיר טאַקע אינעם עסיי וועגן „אַש — דער נאָענטער און ווייטער" די פּייערלעך פון אַ ריין דימענטל מיט אַ נאָסטאַלגיש־שרייבערישן רייץ און חן. דאַמאַנקעוויטש דאַוונט דאָ נישט בלויז פון זיין אייגן עסייִסטיש סידורל, נאָר ס'וויברירן אויך צווישן די שורות שיין־נאַראַטיווע און ריין־עפּישע עכאָס. אָט, למשל, שרייבט ער: „פון די פיר ‚וועגן', וואָס פירן פון מיין געבוירן־שטעטל קרושניעוויץ צו אַלע פיר עקן פון דער וועלט, איז דער ‚קוטנער וועג' דער נאָענטסטער און היימישסטער. נאָך איצט מסתם, נאָך אַזויפיל חורבן און פאַרוויסטעניש, געפינען זיך אויף די שאָסייען און וועלדער צווישן קרושניעוויץ און קוטנע די שפּורן פון אַלע העלדישע אַוואַנטורעס, פון אַלע זיגרייכע און דורכגעפאַלענע מלחמות

פון אונדזערע קינדעריאָרן... וועגן און שאָסייען צעגייען זיך דאָרט... זיי שלענגלען זיך צווישן ברייטע אומענדלעכע פלאַכן, צווישן פעלדער אָפענע אין די ווייטקייטן, מיט אַלע מינים גרינסן, שוואַר־באַלאָדענע אין זומער, מיט ווייס־באַפּוכטע דעקן — אין ווינטער... ייִדן — ערד און סאַד־מענטשן מיטן ריח פון פעלד אין זייערע קליידער, מיט זון, ווינט און פראָסט אויף די פּנימער... דער וועג צום בורא עולם פירט דאָ נישט דורך שאַרפער חסידות און נישט דורך פּלפּול און מוח־שאַרפעריי... דאָ איז דער וועג צו גאָט גלאַטיקער און גלייכער, מיט טוי און גשם אַ באַזאָפּטיקטער, ווי גלייך, גלאַטיק און באַזאַפּטיקט עס זענען די פעלדער און וועלדער פון דער געגנט".

פון אַלע „דורכגעפאַלענע מלחמות" איז אָבער דעם שרייבער ל. דאָ־מאַנקעוויטש פאַרבליבן דער נצחון פון זיין אייגן־אויסגעוועבטער, שיינער ייִדישער מחשבה. ער האָט זי אָפּגעראַטעוועט אין די יאָרן פון חורבן „אין באַקוועמסטן אָרט פון גיהנום, וואָס פראַנקרייך איז דעמאָלט געווען פאַר אַ ייִד אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע". ער איז מזלדיק צוריקגע־גאַנגען צו יענעם גילדענעם פאָדעם, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק חלומדיק געשפּינט, בעת מיר ביידע, יונגע און אומרויִק־זוכנדיקע, האָבן געשפּאַנט איבער די לאָדזשער גאַסן.

ל. דאָמאַנקעוויטשס עסיי צייכנט זיך אויס מיט זיין גוטער פאָרעם און האַרמאָניע, מיט תוכיקייט און באַזיניקטקייט. ער באַווייזט זיך קיינמאָל נישט מיט אַקראָבאַטישער היפּער־קלוגשאַפט, הגם די חכמה־יאָדער פון זיין סענטענץ ליגט קלאָר, שמייכלענדיק און אָפן. מיט ערודיציע, אַנאַלי־טישער חריפות און מיט אַ היסטאָריש־פילאָזאָפישן אַריינבליק טראָגט ער אונדז צו זיין עסיי וועגן תקופות און די בעלי־יצירה. זיינע שורות ווייען מיט עספּרי און איינצייטיק מיט אַ שרייבערישער צוריקגעהאַלטנקייט — אייגנשאַפטן, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם מענטשן דאָמאַנקעוויטש. זיין פען איז דין, די מחשבה — עלאַסטיש און קיינמאָל נישט ווייטיקלעך שאַרף, אָדער כראָפּעוואַטע. זי האָט אין זיך אַ גוטן הויך, די בשמים פון אונדזער אַמאָליקער, היימישער עכט־ייִדישקייט. ער וואַרפט לייכט אַריבער בריקן איבער ייִדישע תקופות און זייערע גייסטיקע השפעות. ער זוכט דעם סוד,

דעם יאָדער פון אונדזער נאַציאָנאַלן, פאָלקישן דויער. און דערפאַר האָט ער אויך נישט געקענט אויסמיידן ווי אַ שרייבער דעם צוריקגאַנג צום „חורבן יידיש־אוניווערס", און דאָס, וואָס איז פאַרבליבן פאַרזיגלט אין אים ערב זיין שרייבערישן בראשית — גיט ער אונדז איבער מיט אַ ניגון פון אבלות און אין אַ דינער, קינהדיקער וויבראַציע. אָט לייענען מיר אינעם עסיי „י. מ. ווייסענבערג": „מיטן פלוצעמדיקן איבעררייס פון אַן אינטענסיוו יידיש לעבן אין צענטראַל־ און מזרח־אייראָפּע, זענען נישט בלויז אַוועקגעקומען די גייסטיקע מנהיגים פון איין דור, נאָר עפּעס דוכט זיך, אַז אַלע גרויסע גייסטער, גאונים, חכמים, דיכטער און קינסטלער פון די נאָענטע און אַפילו ווייטערע דורות, וואָס האָבן געשטאַלטיקט דאָס דאַזיקע יידנטום פון פּוילן, רייסן און ליטע, זענען מיטן גרויסן חורבן נאָכאַמאָל מיטגעשטאָרבן".

„נאָכאַמאָל מיטגעשטאָרבן" — דאָס איז דעם שרייבער ל. דאָמאַנקע־וויטשעס שטיל יידיש געכליפּ, נישט בלויז אויפן לעצטן חורבן פון פּוילישן און אייראָפּעישן יידנטום, נייערט אויך אויף אַלע די, וואָס האָבן אין משך פון לאַנגע תקופות „געזאַמלט און געטראָגן דאָס ליכט פון דורות", וואָרעם — פאַראַן אַ גייסטיקע, דורותדיקע המשכדיקייט, וואָס איז אַ תנאי און באַדינגט דעם יידישן קיום אין אַלע צייטן. ל. דאָמאַנקעוויטש האָט אין זיינע עסייען באַלויכטן דורך זיין שאַפעריש וואָרט דעם־אָ געדאַנק וועגן גייסטיקן המשך, „וועגן קאָנטינויִטעט פון יידישן קולטור־גורל און נאַציאָנאַלער האָמאָגעניע — אַן אחדות פון יידישן גייסט איבער אַלע מדבריות פון אונדזער לעבן".

פאַרן אויסטראָגן די דאַזיקע מחשבה „איבער אַלע מדבריות" און פאַרן צוטראָגן זי אונדז אין אַזאַ שיין עסייִסטיש געפעס — טראָגן־מיר־צו דעם קריטיקער־עסייִסט ל. דאָמאַנקעוויטש צו זיינע 75 יאָר — די ברכות פאַר זיין ווייטערדיקער תוכיקער יצירה — מיט די ווונטשן, אַז אין אַלע „מדבריות פון אונדזער לעבן" זאָלן צוריק אויפגיין די גוטע זאַנגען פון דער פאַרוואָגלטער, יידישער גייסטיקייט און דאָס ליכט פון אירע יידיש־שאַפערס.

# דער מעדיום פון קריטישן עסיי

לייזערל...

אַזוי האָט מען אים תמיד גערופֿן. נישט בלויז אין משפּחה־קרייז. פּשוט: לייזערל. אַזאַ איז ער אויך געווען אין די צוואַנציקער יאָרן אין לאָדזש פֿאַר אונדז אַלע — די לאַנג־געקליידעטע מעלאַנכאָלישע יונגעלייט און פֿאַרבלאָנדזשעטע „פֿריידענקער". און גערופֿן האָט מען אים לייזערל נישט מחמת זיין נידעריקן וווּקס, נייערט מחמת גאָר עפּעס אַנדערש. די דאָזיקע אַנדערשקייט איז געווען: זיין זעלטן־שיין, כמעט־דורכזיכטיק פּנים, די העל־צעפּלאָנטערטע האָר־טשופּרינע, זיין קוואַליקע אויגן־בלאָ־לעכקייט, וואָס האָט געשפּריצט מיט עילויִשע פֿונקען — און אויך מחמת זיינע קליינע, דין־געפֿאָרעמטע איידעלע הענט. פּשוט: לייזערל.

אַזאַ זע איך אים נאָך איצט שפּרייזן מיט קליינע טריטעלעך איבער אַ לאָדזשער גאַס, בעת אַ וויכוח צווישן די צוויי אויסטערלישע לאָדזשער משה־געשטאַלטן: די דעמאָלט היימישע פֿילאָזאָפֿן — מקובלים — אַנאַר־כיסטן — פּרציאַנער. דאָס זענען: דער אַסטמאַטיקער משה לויפּער מיט זיין איבערגעשראָקן, פּייכט הוסטעלע, תמיד אין זיין לאַנגן מאַנטל־קאַפּאָטע און משה מאַנדל — דער נזירהדיקער, שווייגנדיקער מקובל־שיינ־גייסט, וועמען י. ל. פּרץ האָט אַמאָל אַ קוש געטאָן אין שטערן. ביידע משהס זענען געווען הויכוווּקסיקע אַנטקעגן אים, לייזערלען. און ער, לייזערל, אין דער מיט, צווישן די אַ צוויי הויכגעוווּקסיקע דיספּוטירנדיקע פֿילאָזאָפֿן — מקובלים — פּריציאַנער. פּלוצעם שטעלן זיי זיך אָפּ. זיי בייגן־אַראָפּ די קעפּ צו אים — צום נידעריקן לייזערל — און ווילן הערן פֿון אים זיין וואָרט אין דער פּלוגתא. און ער, לייזערל, מוז אויפֿהייבן גאָר הויך צו זיי די אויגן. ער רעדט שטיל, גאָר שטיל מיט אַ זילבערן קולכל, בעת זיינע פּאָכעדיקע הענט צעפּלאָטערן אַ זיסע, קרושניעוויצער ייִנגלשע פֿרומקייט.

ער, לייזערל, איז נאָך דעמאָלט געווען ווייט פֿון דער ליטעראַטור אַלס שרייבער. זי אָבער, די ליטעראַטור, איז שוין לאַנג געווען פֿאַרקנסט מיט אים, דעם קרושניעוויצער ישיבֿה־בחור. די ליטעראַטור אַליין קלויבט

אויס תמיד פֿאַר זיך אירע אויסדערוויילטע קינדער. מען האָט געוווּסט אַז ער שרייבט לשון קודש. דאָס אַליין האָט פֿאַר די ייִדיש־פּרציאַנער געמיינט בערך: מיסטעריעזע, פֿאַרהייליקטע ייִדישקייט. נאַציאָנאַלער פֿאַר־שטויסענער חלום, וואָס זוכט דערוואַכונג. ביטערע איינזאַמקייט פֿונעם שאַפֿער. ווי אַנדערע חריפֿותדיקע יונגעלייט איז ער אויך גיך אַוועק זוכן נייע וועגן. זיי האָבן אים געלאָקט, גערופֿן פֿון דער פֿרעמד, כּדי שפּעטער, שוין אויף דער פֿראַנצייזישער ערד, נתגלה צו ווערן ווי אַ מקורותדיקער, טאַלאַנטירטער ייִדישער קריטיקער און עסייִסט. די ייִדיש־ליטעראַטור האָט באַלד זיך באַרייכערט מיט אַ נייעם שאַפֿערישן מענטשן מיטן ווילקליג־געבנדיקן נאָמען: לייזער דאָמאַנקעוויטש.

מיט פֿערציק יאָר שפּעטער — 1972 — בעת מיין נסיעה איבער איי־ראָפּע, האָב איך אים ווידער געזען. דאָס מאָל אין זיין באַשיידן הייזל־גערטנדל אין ברינואַ, הינטער פּאַריז. ס'איז שוין געווען אייראָפּעיִשער שפּעטזומער. די הויכע שאַרף־קאָליריקע בלומען זענען געווען מיד, דאָס גראָז אין גערטנדל האָט תּפֿילה־געטאָן ביי אונדזערע פֿיס, פֿאַר נאָך אַ ביסל זוניק לעבן. אויף עטלעכע עפּלביימער האָבן שוין גערייפֿט האַרב־סטיק די פּירות. אַרום הילצערנעם טיש אויף דער וועראַנדע — עטלעכע פּאַריזער ייִדיש־שרייבער. זיי זענען געקומען מבקר־חולה זיין זייער קראַנקן חבר — לייזערל. און ער — לייזער דאָמאַנקעוויטש — זיצט אַ שווייגנדיקער אויבנאָן. כ'האָב דעמאָלט געהאַלטן זיינע קליינע הענט אין מיינע. ער האָט געקוקט צו מיר מיט זיין פֿאַרשטומטן, לויטערן בליק. די האָר האָבן נאָך געהאָט עפּעס פֿון יענעם העלן בליאַסק, וואָס האָט דער־מאָנט אונדזער אַלעמענס פֿאַרגאַנגען יונגזיין. די ליפּן זיינע האָבן צו אונדז אומקלאָר אַרויסגעפּלאָנטערט אַ שטילן ניגון. אפֿשר האָט ער אַזוי געדאַוונט פֿאַר זיך. אפֿשר האָט ער אַזוי תּפֿילה געטאָן מיטן דאָזיקן אַלטן, אָן־ווערטערדיקן חסידישן ניגון. ווער ווייסט. אפֿשר האָט ער, ווי די גראָזן ביי אים צופֿיסנס, דעמאָלט אויך געבעטן פֿאַר נאָך אַ ביסל שאַפֿעריש זוניק לעבן. דעמאָלט האָבן מיר נאָך נישט געוווּסט, אַז דאָס איז געווען דער לעצטער אויסגעיינדיקער ניגון פֿון אַ שאַפֿערישן מענטשן — זיין שיינער ניגון, וואָס האָט זיך אָפּגעהאַקט אַנהייב זומער 1973.

*

בעתן לעבן זענען, ווי שוין דערמאָנט, דערשינען בלויז 2 עסייען־ביכער: „פון אַקטועלן און אייביקן" (1954) און „ווערטער און ווערטן" (1965). דאָס איז געווען געניג, כדי אים איינצוגלידערן אין אויבן־אָן פון דער מאָדערנער יידישער־עסייִסטישער מחשבה. מן־הסתּם זענען נאָך פאַרבליבן אין זיין עזבון אַרבעטן, וואָס וועלן זיך דערוואַרטן אַ בוך־פאָרעם. אָבער אַפילו אָן די אומצאָליקע פאַרעפנטלעכע עסייען, וואָס זענען דערווייל נישט אויפגעקליבן אין טאָוולען, האָט ל. דאָמאַנקעוויטש זיך קונה־שם געווען אין דער יידיש־ליטעראַטור ווי איינער, וואָס האָט דורך התמדישער עקזאַלטאַציע געטראָגן זיין שעפערישן אָטעם מיט אַלע בשׂמים און סגולות פון אונדזער אַמאָליקער עכט־יידישקייט. אַזאַ איז געווען זיין יצירהדיקע ספערע, וואָס האָט תּמיד געוואָרעמט מיט דער־הויבנקייט און געשטראַלט מיט רוח הקודש.

*שרייבנדיק, למשל, וועגן שלום־עליכם מעדיטירט ל. דאָמאַנקעוויטש:*

„דער רוח הקודש, וואָס רוט אויף שאַפערישע גייסטער, האָט זיך זיינע באַזונדערע דרכים. ער בלייבט תּמיד אינדיווידועל און ספּעציפיש, הגם ער איז אַ טייל פון דער אַלגעטלעכער שעפערישקייט. און ער האָט נאָך אַן אייגנשאַפט, וואָס ער רוט נישט תּמיד אויף די, וועלכע ער האָט ליב אָפּט צו באַזוכן" (ווערטער און ווערטן, ז. 33).

אָבער דער שיינער, לעבעדיקער יצירה־אָטעם — דער רוח־הקודש — האָט גאָר אָפּט ליב געהאַט אַרומצופלאַטערן צווישן דאָמאַנקעוויטשעס יידישע שורות. זיין פאַרוואָרצלט פויליש־יידיש לשון־עשירות, געזיווגט מיט אַהבת־ישׂראל, פליסט מיט אַ סך חסד, חכמה און הכנעה פון זיין דיס־ציפּלינירטער, האַרצקלאַפּנדיקער פעדער. אַ זיס־קוואַליק, עטיש יידיש־קייט־געפיל, געלייטערט אין די פאַרגליווערטע טרערן פון דורות, באַגלייט זיינע עסייִסטישע בלעטער. ער האָט געהערט צו די שרייבער, פאַר וועמען „קריטיק איז אַ ליטעראַטור־פּרעטעקסט, אַן אויסרייד דורך „יענעם" צו זאָגן אייגנס". און וואָס און וויאַזוי צו זאָגן אייגנס — האָט ל. דאָמאַנקעוויטש תּמיד געהאַט. זיין סטיל איז פּשוט — קלאָר און פאַר־ביק, מיט קאָנטעמפּלאַטיווע עקסקורסיעס צו פילאָזאָפישע, עטישע רעיונות

און מיט אַ סך שרייבערישע אַחריות. זיין פיזיאָגנאָמיע ווי אַן עסייִסט־קריטיקער האָט זיך אויסגעפּרוּווט ביי אים אין די שווערסטע יאָרן פון ייִדישן אומגליק אין אייראָפּע. ס'איז געגנוג איבערצולייענען זיינע עסייען „קולטור און פאָלק”, אָדער „פון קוואַנטיטעט צו קוואַליטעט”, כדי צו זען צו וואָסערע טיפע וואָרצלען עס דערגרייכט זיין ברייט־האָריזאָנטאַלע עסייִסטישע מחשבה. לאָמיר ציטירן בלויז איינאיינציקן פּאַראַגראַף, כדי צו זען וואָהין עס ציט דער מאַגנעטישער שיינער כּוח פון ל. דאָמאַנקעוויטשעס שרייבן:

„...אויב די ביידע העברעיִשע און ייִדישע ליטעראַטורן האָבן געקענט דורכמאַכן אַזאַ ראַשיקע אַנטוויקלונג, אויב די ייִדישע ליטעראַטור האָט געקענט מיט זיבנמייליקע שטיוול אַריינשפּרינגען אין דער וועלט־ליטעראַטור, איז עס געווען דער כּוח פון אַ דורותדיקער טיף־שורשדיקער קולטור. מען רעדט וועגן נס פון דער ייִדישער ליטעראַטור, אָבער אויך נסים ווערן צוגעגרייט... גייסט האָט זיך קיינמאָל נישט באַוויזן צו די — סיי יחיד, סיי רבים — וואָס האָבן אים נישט צו זיך גערופן. „גאָט איז דאָרט, וווּ מען לאָזט אים אַריין” — זאָגט אַ חסידיש וואָרט. אויך אַלע אַנדערע כּוחות פון אינספּיראַציע אַנטפּלעקן זיך צו די וואָס האָבן זיך צו זיינע קוואַלן געווענדט”.

ל. דאָמאַנקעוויטש האָט ווי אַ שרייבער תּמיד געהאַט אַ דורשט צו ערשט־קוואַליקייט, דערפאַר איז זיין אַלקער תּמיד געווען אָפן פאַר אינספּיראַציע און רוח הקודש. ער האָט געהאַט אַ שׂכל־הישרדיקן קינסטלער־באַוווּסטזיין אין זיין שרייבן. „אַן באַוווּסטזיין איז נישטאָ קיין שלימות־דיקע שאַפונג” — זאָגט ער וועגן שלום־עליכם. אָן דעם דאַזיקן קלאָרן, שאַפערישן באַוווּסטזיין, וואָלט ל. דאָמאַנקעוויטש נישט דערגרייכט די הייך, וואָס ער פאַרמאָגט. צום שבח פון זיין פעדער דאַרף געזאָגט ווערן, אַז קיין שום אַרבעט פון די דערמאָנטע צוויי ביכער, האָבן אים, ווי אַ קריטיקער, נישט אַראָפּגעפירט מיטן מינדסטן שטאַפּל נידעריקער. להיפוך, אַלץ האָט זיך געצויגן אַרויף, געטריבן פון זיין וואַרעמער, שאַפערישער אינספּיראַציע.

„ל. דאָמאַנקעוויטש איז אַ שעפערישער עסייִסט, וואָס באַוועגט זיך

פריי אין זיינע טעמעס... דורך יעדער עסיי באַווייזט זיך דאָס פּנים פון אַן אייגנאַרטיקן שרייבער... ער שרייבט שיין, אָבער ער איז נישט קיין נודנע שיין־שרייבער... דערפאַר איז כדאַי צו וויסן, אַז אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז פאַראַן אַ שריפטשטעלער, וואָס זיין נאָמען איז לייזער דאַמאַנקעוויטש". (י. גלאַטשטיין, „אין תוך גענומען" — 1960).

*

ווען כ׳קום איצט — שפּעטזומער 1973 — מספּיד זיין מיין יוגנט־חבר לייזערל — דעם ייִדישן שריפטשטעלער ל. דאַמאַנקעוויטש, פירן מיך די שורות צוריק קיין ברינוא, צו די עטלעכע עפּל־ביימער, וואָס שאָרכן שוין האַרבסטיק איבערן פאַריתומטן הילצערנעם טיש אויף דער וועראַנדע. דאָרט האָב איך אים געזען אין לעצטן שפּעטזומער פון זיין לעבן. דאָרט האָב איך זיך צוגעהערט צו זיין האַלב־צעבראָכענעם ווער־טער־ניגון פון זיין קלוג מויל. און הגם די ווערטער זענען געווען קראַנקע, פאַראייבזאַמטע — האָבן זיינע אויגן גערעדט אַזוי קלוג־ייִדיש און גע־ווען פול מיט מעלאַנכאָלישער שלימות פון זיין ריינער, יצירהדיקער מחשבה. איצט ווייס איך: דאָס איז געווען פאַר אונדז דער לעצטער שיינער ניגון פון אַ שאַפערישער נשמה — דער ניגון פון אַ צאַנקעגדיקן ייִדישטרייען שרייבער אין אייראָפּע נאָכן חורבן.

שרייבט מיר אַ פעז־מענטש פון פּאַריז:

„כ׳האָב געהאָלפן טראָגן די מיטה — אָנשטאָט דיר. וואָלסט דו געווען דאָ — וואָלסט דו עס געטאָן. איך האָב דיך פאַרטרעטן אין דער מצווה...".

אמת. אָבער — איך בין סייווי מיטגעגאַנגען, לייזערל. געהאָלפן טראָגן די מיטה אויפן פּאַריזער בית־עולם, לייזערל. ביסט געווען לייכט ווי אַן אַ גוף, לייזערל. אַזאַ ביסטו געווען תמיד, לייזערל, פון אונדזערע פאַר־פלאָסענע יונגע יאָרן. איצט ברענען פאַר מיר בלויז די איינגעזאַמלטע פייערן פון דיינע ייִדישע ווערטער. ווערטער פון אונדזער גורלדיקייט און חלום. זאָל דיר די ערד, לייזערל, גרינג זיין אויף אַלע אייביקייטן.

## ב. דעמבלין (1973—1897)

# דער שרײַבער פון אויסגעלאָשענעם דור

### (װעגן בוך „אויף אײגענעם באַראָט")

דער שרײבער בנימין דעמבלין, אַ פאָרשטײער פון דער רײכער אַמע־ריקאַנער קינסטלערישער פּראָזע, האָט מיט זײן אויטאָביאָגראַפישן ראָ־מאַן „אויף אײגענעם באַראָט" צוגעטראָגן אַ װערטפול בוך צו דער ייִדי־שער פּראָזע.

אויב איך האָב זיך באַנוצט אויבן מיט די װערטער „ייִדיש־אַמערי־קאַנער קינסטלערישער פּראָזע", קאָן זיך אפשר אויסדוכטן, אַז דער דערציילער בנימין דעמבלין האָט פאַר זײן קינסטלערישער פּעדער גענו־מען אויסשליסלעך דעם חומר פון דער אַמעריקאַנער סביבה און פון אַמעריקאַנער לעבן. אָבער אַזוי איז עס בלויז טײלווײז. װאָרעם ב. דעמב־לין אַלס פּראָזאַיִקער שטעלט מיט זיך פאָר אַ צװילינג־געשטאַלט אין זײן שאַפן. אַחוץ דעם פאַקט, װאָס ער איז אַ חשובער רעפּרעזענטאַנט פון דער ייִדישער פּראָזע אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, איז ער אָבער אַ טרײער דערציילער פון אונדזער אַמאָליק ייִדיש־פּוילן, פון די אין ליכ־טיקער ייִדישקײט און גרויסע מידות אויסגעלאָשענע ייִדישע דורות. ער דערציילט פון באַלמעלאָכישער, לערנײַנגלישער נויט, פון אויפװאַכנדיקן פּראָלעטאַרישן געראַנגל ערב דער ערשטער װעלט־מלחמה, ערב נאָכט, װאָס האָט געפירט צום חורבן. ער דערציילט פון זײנע אײגענע מענטש־לעכע נסיונות, װאָס פירן דעם שרײבער צוריק צו די ערשטע, ייִנגלשע כּישוף־יאָרן אין דער שװין פאַרשניטענער הײם. און פון דעם־אָ צוריקגאַנג אַהײם איז אַנטשטאַנען דאָס אויטאָביאָגראַפישע װערק „אויף אײגענעם באַראָט" — אַ נסיעה אין דעם װוּנד־און־װוּנדער־לאַנד פון אַן אויסגע־לאָשענעם דור.

דער צווילינג־שרייבער ביי דעמבלינען איז נישט אַ צעקריגטער מיט זיינע שאַפערישע כּוחות. אויב אין דער אַמעריקאַנער פּראָזע איז דער דערציילער דאָס שאַרפע אויג, וואָס גיט אונדז די קינסטלערישע עקספּרע־סיע פון אַ ריין־אַמעריקאַנער, אימפּעט־פולן לעבנס־נוסח, ווי אין זיין ראָמאַן „ווערסט־סאַיד", — האָט ער זיך אָבער אין די נישט־אַמעריקאַנער ביכער גיך אָפּגעפונען מיט אַלע זיינע מעלות ווי אַן עכט־ייִדישער, אחריותפולער דערציילער, מיט זאַפטן פון די אַלטע, ייִדיש ליטעראַטור־מקורות, מיט פּשטות און וואַרעמער, אומגעפעלשטער פאָלקסטימלעכקייט. דער שרייבער אין אים ווייסט, אַז דינען מיט דער ייִדישער פען מיינט נישט בלויז צו קענען שילדערן ליטעראַריש, קינסטלעריש פאַרפּוצן און פאַרביק דעקאָרירן מיט אַלע קונסט־מיטלען, וואָס שטייען אין רשות פונעם מער עמפּינדלעכן שאַפער. אויב ער האָט זיך אָפּגעפונען אין די סאַמע ייִדישסטע שאַפונגען פון דער אַמאָליקער היים, איז עס דערפאַר, ווייל ער איז אין זיי אַנטקעגנגעגאַנגען דער עיקר־אידעע פון ליטעראַטור בכלל, איר אמתער שליחות צווישן מענטשן, אירע הומאַניסטישע, אַל־מענטשלעכע טענדענצן, וואָס פאַר זיי איז ב. דעמבלין ספּעציעל וואַך און שפּירעוודיק. ב. דעמבלין דערנענטערט זיך מיט זיין שרייבערישן אָטעם, מיטן ערלעכן, עפּישן געמעל פון זיינע טיפן און געשטאַלטן נאָענט צו דעם, וואָס מיר רופן: די שיינע טראַדיציע פון אונדזער גרויסער ייִדיש־ליטעראַטור. ער האָט אין זיין לעצט ווערק אָפּגעהיטן על פּי רוב דעם הייליקסטן געבאָט פון ליטעראַטור: איר מאָנונג פאַר דערהויבנקייט, פאַר ריינקייט, פאַר מענטשלעכער ליכטיקייט.

דער שרייבער דעמבלין דערציילט, אַז דעם אויטאָביִאָגראַפישן ראָ־מאַן — די טרילאָגיע „אויף אייגענעם באַראָט", האָט ער אָנגעהויבן שרייבן דעמאָלט, בעת די מאָדזשיצער ייִדן האָבן נאָך געטרעטן אויף דער פּוילי־שער ערד. אינמיטן שרייבן דאָס ערשטע בוך — זענען אָנגעקומען די פינצטערע בשׂורות פון פּוילן. זינט דעמאָלט — דערציילט דעמבלין — האָט ער מער נישט געקענט שרייבן מיט דער זעלביקער קינסטלערישער אָביעקטיוויטעט. דאָס הייסט, אַז פון פאַרברענטן מאָדזשיץ, ראָדעם צי וואַרשע האָט זיך אויפגעהויבן צום שרייבער אַ בלענדנדיקע ייִדישע גלאָריע,

אַ הייליקע ליכטיקייט און אַ שווייגנדיקער צער. זיי אַלע האָבן זיך פאַרקנסט צו זיין פעדער: די גלאָריע, די ליכטיקייט, דאָס אומגליק. און גוט איז געשען וואָס דער שרייבער האָט מיט זיין געזונטן קינסטלערישן אינסטינקט און פאַרנונפט דערפילט, אַז ס'איז פאַראַן די גרענעץ פאַרן שילדערן דעם גיהנום, וואָס ס'איז געקומען אויף מאַדזשיץ. ער איז נישט ווי אַנדערע מיטגעריסן געוואָרן מיטן צווייפלהאַפטן חוב צוצופּראָזעווען וועגן חורבן, בעת ער אַליין איז אַ געשיצטער געשלאָפן אויפן ווייכן אַמעריקאַנער געלעגער. דער קינסטלער אין אים האָט אים אָפּגעהיטן פון דעם אַ שטראָם אין דער ליטעראַטור, וואָס האָט גאָרנישט צוגעגעבן צו יענער גרויסער, פאַרלאָשענער ייִדן־ליכטיקייט. להיפוך: מיטן אָפּצאָלן דעם „ליטעראַרישן חוב" מצד פיל שרייבער פון דער וויטנס — האָט נישט איינער פאַרטונקלט דאָס הערלעך־קדושימדיקע, דעם הייליקן צאָפּל פונעם קרבן. בנימין דעמבלין איז נאָר מתפלל, אַז ער זאָל זיין ראוי „צו געשטאַלטיקן דאָס רייכע און שאַפערישע לעבן, וואָס איז אַזוי אַכזריותדיק פאַרלענדט געוואָרן", דאָס הייסט, ערב־נאַכט, און נישט די גרויסע אימה־דיקע נאַכט, וואָס איז געפאַלן איבער די ייִדישע געטאָס. און זיין תּפילה איז אויסגעהערט געוואָרן. ער האָט עס באַוויזן אין זיין ייִדיש שאַפן. און געשען איז עס דערפאַר מחמת דער שרייבער בנימין דעמבלין האָט גע־האַלטן ריין און קלאָר זיינע אויגן געווענדט צום הימל — צום הימל פון אַ ריינער, ערלעכער שאַפערישקייט. ער האָט פון דער ערד גענומען נאָר אַזוי פיל וויפל גוטס עס איז פאַראַן אינעם מענטשן גופא, דאָס גוטס פאַר־מישט מיט די קליינע טראָפּנס שלעכטס. דאָס ליכט פון אַלע זיינע העלדן ליגט אינעם שרייבער גופא, אין זיין אייגענעם דורשט נאָך אַ גערעכטער לויטערקייט. מען וואָלט נאָך געדאַרפט דאָ צוגעבן, אַז דאָס אַ ליכט איז אויך ביי אים פאַרוועבט אין אַ וויגנדיקער ריטמישקייט, אין אַן עפּישער, פּאַסטאָראַלער מוזיקאַלישקייט, וואָס איז, אפשר, אַ ווייטער, איינגעלאָשע־נער עכאָ פון יענעם אַלטן פאַרגלויבטן און פאַרשניטענעם מאַדזשיצער ניגון.

און וואָס איז אייגנטלעך דער אַ ניגון אין דעמבלינס אויטאָביִאָגראַ־פישן ראָמאַן?

דאָס איז די ערדישע גורל־פאַרוואַנדשאַפט צווישן צוויי קינדער,

נתן חיים און באַלעק, וואָס געהערן צו פאַרשיידענע פעלקער און צע־קריגטע געטער, אָבער, זייער גורל האָט די זעלביקע ליכט־און־שאָטן־פלעקן פון זייער שווערער קינדער־דאַליע און אויך דעם זעלביקן שיינעם חלום. דאָס איז די וואָרעמע נאָענטשאַפט זייערע, וואָס ווערט צוגעטראָגן דורכן שרייבער מיט אַן אומבאַפלעקטן גלויבן אין מענטשלעכער חבר־שאַפט, אַ גלויבן, וואָס באַהעפט אַזוי שיין די צוויי יונגע נשמות. דער אַ ניגון ליגט אויך אין דעמבלינס גאַנצער געשילדערטער קינדער־וועלט, וואָס פירט אירע מלחמות מיט די גרויסע, מיט די דערצאַרנטע טאַטעס און פאַראומערטע מאַמעס — די שטענדיקע פאַרפלאָגטע עול־טרעגערס. עס דוכט זיך, אַז זיי אַלע זענען פריי פון יעדן וואָרעמען פונק פון ליב־שאַפט, אַז זיי זענען פאַרזונקען אין זייער גראָען סאָציאַלן עלנט, אַן האָפענונג, אַן מענטשן־ליבשאַפט און ווו דער איינציקער אויסדרוק זייערער איז דער שטומער, פאַרקלעמטער צער. אַזוי איז עס אָבער נישט. דער שרייבער פירט די מלחמה פון דער קינדער־ און יינגלשער וועלט נישט פאַרביטערט, בלויז זיינע פויסטן זענען געביילטע קעגן אַלע וואָרע און אויסגעחלומטע דעמאָנען און ספינקסן מיט אַ קינדערשער פאַרגלויבטקייט אין לעבן. די מלחמה, וואָס דער שרייבער פירט, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די איבערגעשראָקענע דערוואַכונג, די דערקענטעניש פון אייגענעם ייִנגלשן־מענטשלעכן באַוווסטזיין, דער אויפשפּראָץ פון אַ נייעם דור אין דער קינדיש־מענטשלעכער מלחמה פאַר אַ פריי, נישט־געשלאָגן לעבן. אין די אַ שילדערונגען באַנוצט זיך דער קינסטלער מיט אַ זויבערער פאַבולע, וואָס איז דורכזיכטיק און קלאָר ווי אַ טרער. אין זיי איז פאַראַן די הייסע עקספּרעסיע פונעם שרייבער, וואָס איז לחלוטין נישט אָוועגעגאַנגען פון יענער תקופה. יענע ווייטע צייט לעבט ווייטער אין אים. זי האָט בלויז אָוועקגענומען די פלינקייט פון די ייִנגלשע פיס און די גיכקייט פון די ייִנגלשע הענט. זי האָט אָבער דערפאַר איבערגעלאָזט אין אים דאָס גוטע, הייליק־פאַרטרוימטע הארץ פון נתן חיימען, דעם הויפּט־העלד, וואָס קלאַפּט נאָך איצט גראָד אַזוי ווי דעמאָלט, בעת ער, נתן חיים — בנימין ליגט אַן אויסבאַהאַלטענער ביינאַכט אינעם ליידיקן פּי־וואָגאָן, נאָכן אַנט־לויפן פון דער היים.

אין דעמבלינס געשילדערטע געשטאַלטן און געשעענישן איז פאַראַן עפּעס נישט דערזאָגטס, נישט אַרויסגעהויבנס פון זיין פאַרשלאָסענער אינערלעכער וועלט. דאָס איז יענע שטומע ספערע, וואָס אַ גוט־געמאָלן קונסטבילד וואַרפט אונדז אָן, כאָטש מיר זעען נישט אַלע זיינע דימענ־סיעס. פאַראַן אין דער קונסט און אין דער ליטעראַטור די אַטמאָספער פון אַנונג, פון אַ באַהאַלטענער העלזעערישקייט, וואָס אַנטפּלעקט זיך אָפּט־מאָל שטאַרקער, עקספּרעסיווער ווי דער געגעבענער אויסדרוק. איך וויל נישט מיט דעם זאָגן, אַז די מענטשן פון בנימין דעמבלין זענען נישט גענוג אַרויסגעהויבן פּסיכאָלאָגיש אָדער מאָלעריש. להיפך: די שילדע־רונגען זאָגן עדות אויף אַ שטומען, אינערלעכן פּלייצנדיקן כּוח, וואָס רייסט זיך. אָבער בנימין דעמבלין ווי אַ שרייבער, וואָס קען די וואָג, מאָס און ניגון פון שאַפערישן וואָרט — און אַפילו פון אַ האַלבן ניגון — האַלט אין שפּאַן דעם־אַ זיך רייסנדיקן, שילדערנדיקן כּוח זיינעם, כּדי ער זאָל נישט פאַרפּלייצן די שיינע שאַפערישע פעלדער אין זייער קינסט־לעריש געדערעטעניש.

דאָס אויפלעבן צוריק אין אַן אויטאָבּיאָגראַפיש ווערק די אייגענע פאַרשוווּנדענע קינדערוועלט, אָדער יונגע יינגלשע יאָרן, האָט תּמיד אין זיך פיל געפאַרן. דער גראָער, איינזאַמער פעלדז — די קינדהייט און די יינגלשע וועלט — איז שוין לאַנג פאַרפּלייצט מיט די וואַסערן פון אַ סך מבולס און מיט די געוויטערס פון דער צייט. כּדי דעם דאַזיקן פאַרשווונ־דענעם שיינעם פעלדז אויפסנייַ צו זען, אים אַרויסצוהייבן פונעם תּהום, לאָזן אויף אים שפּילן אַלע זונאויפגענג, אַלע זונאונטערגענג און אַלע רעגנבויגנס — און אַפילו אויך לאָזן פאַלן אויף אים די איינצלנע שטערן פונעם קינדער־הימל — כּדי דאָס אַלץ צו געבן, איז דער שרייבער געצוווּנגען ווייט אַוועקצוגיין פון דער אים־בינדיקער רעאַליטעט, פונעם ליטעראַריש־געדעקטן שולחן ערוך, וואָס איז עלול אים אַוועקצופירן אויף זאַמדיקע אומוועגן. זאָגט טאַקע בנימין דעמבלין: „דער ערשטער באַדינג ביים קינסטלער אין זיין שאַפן — איז דאָס באַהערשן דעם מאַטעריאַל״. אָבער וואָס מיינט אין דעמבלינס שרייבערישן אַני מאמין „באַהערשן דעם מאַטעריאַל?״ דאָס מיינט: נישט בלויז מאַכן אונטערטעניק דעם ליים,

נישט בלויז קענען קנעטן פון אים לויטן ווילן און באַפעל, נאָר בעיקר: קענען אויך אָוועקוואַרפן, פאַרשווייגן, האַלטן אין צוים, נישט מיטגעריסן ווערן מיטן געלויף, מיט דער פייערדיקער פערד־גזשיווע, מיט דער וויזיע — וואָס רייסט זיך אין גאַלאָפּ אין מרחקים. אָט־אָ דאָס פאַרשטומטע אי־נערלעכע געזעץ עפּנט פאַר אונדז העלזעערישקייט, יענע פאַרבאָרגענע, פּאַעטישע גלאָריפיקאַציע פאַר די שוין לאַנג אויסגעלאָשענע קינדער־יאָרן.

ער דערגרייכט עס בהדרגהדיק מיט דער ספערע פון אַן אָנגעלאָדנטן אַמביציעזן רעאַליזם, מיט דער עקספּרעסיווער שאַרפקייט פונעם בילד און פון די געשילדערטע נעשטאַלטן. אין אַלץ פליסט דער פּרעפּלענדיקער לי־רישער שטראָם, דער איידעלער הומאָר און טייל מאָל אויך די לייכטע נאַ־טוראַליסטישע קאָנווע, איינגעוועבט מיט גוטע פּסיכאָלאָגישע, אָלט־שטיי־גערישע מיטלען. ס׳איז נישט פאַראַן אויף די זייטן פון דעמבלינס „אויף איינגענעם באַראָט״ קיין פּוסטער ליטעראַרישער חלל, ווו ער זאָל שטיין ביי דער זייט און לאָזן זיינע מענטשן באַוועגן, רעדן, חלומען אַן זיין שרייבע־רישן ווילן. און דאָס איז אין דער עפּיק דער עיקר: דאָס קלאָפּנדיקע שאַפּע־רישע האַרץ זאָל זיין אומגעזען פאַרפּעדעמט מיט די הערצער פון די גע־שילדערטע געשטאַלטן. אפשר דערפאַר האָבן מיר פאַר זיך אַן עפּישע פולקייט ווי אַ קרוג מיט פרישן קוואַל־וואַסער. לייענענדיק בנימין דעמבלין האָבן מיר דאָס גוטע געפיל, אַז ער לאָזט אונדז קיינמאָל נישט אַליין — נישט אויף גאַטס און אויך נישט אויף דער קונסטס באַראַט. זיין זיכערע האַנט פירט אונדז ווי לעבן גוט־געפלעגטע ביימער אין אַ סאַד, ווו ס׳גייען אויף זיינע טויִקע געזונטע פּירות.

פאַראַן נאָך אַן אייגנטימלעכקייט אין דעמבלינס אופן פון שרייבן און ס׳איז כדאַי אויף דעם נאָך זיך אָפּצושטעלן. איך מיין די שרייבערישע דיס־ציפּלין, וואָס היט זיין ריטמישע דערציילערישקייט. דאָס איז די דיסציפּלין, וואָס איז תּמיד נייטיק פאַר דער צניעות פון עפּישן שטראָם. זי האַלט געשלאָסן הינטער דאַמבעס די מענטשלעכע געפילן. דעמבלין דערציילט אָפּט וועגן אַ מין פאַרשלאָסענעם שטאָלץ סיי ביים הויפּט־העלד און סיי ביים טאַטן זיינעם, יערמע דוד. אָט אָ דער שטאָלץ שוועבט די גאַנצע צייט איבער דעם וואָגל־און־נע־ונד־גאַנג פון נתן חיימען, ס׳איז די טרויער

וואַנדערונג שיר נישט פון אַ ייִדישן דייוויד קאָפּערפילד — אָבער מיט מער הײמלאָזיקייט און מער פאַרלוירנקייט אין דער ייִדישער פרעמד, ווו דער היימלאָזער העלד איז אויסגעשטעלט אויף מענטשלעך שלעכטס, אויף פאַרשעמונג — און אויפן טראַפן ייִדישן רחמים. אין דער אַטמאָספערע פון פאַריתומטקייט און איינזאַמקייט פילט מען אָבער תּמיד די וואַרעמע האַנט פונעם שרייבער, דעם בעל רחמים. ס'איז די נײַ־צײַטיקע, מאָדערנע ספערע פון דינעזאָנס יאָסעלע־ און הערשעלע־נסיונות, אָבער געשילדערט אין אַ קרעפטיקער פּראָזע, אין אַ גאַר אַנדערער סאָציאַלער סטרוקטור. דער שרייבער פירט דורך זיין העלד פון די ערשטע דערוואַכנדיקע וועלטן איבער אַלע יוגנטלעכע אומרועןן און נע־ונדן, אין זיין קלאַמערן זיך אין לעבן — ביז צו דער שענסטער אַנטפּלעקונג צווישן מענטש און מענטש: דער סוד פון ליבשאַפט.

דער באַזונדערער רייץ פון אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן ליגט אויך אין דער רעטראָספּעקטיווער שילדערונג פון אונדזער אומגעקומענער וועלט. די פאַרשניטענע ייִדישע וועלט ווערט אויפסניי דאָ באַלעבט מיטן כּוח פון דער קינסטלערישער פעדער. מאָלנדיק אין רעטראָספּעקטיוו די אַ חרוב־געוואָרענע וועלט — פאַרשווינדט פאַר אונדז אויף אַ ווייל דער חורבן פון מאָדזשיץ, פון ראָדעם און וואַרשע. זיי אַלע, די ייִדישע פאַרשניטענע געשטאַלטן, לעבן ווייטער זייער קינסטלעריש־באַלויכטן לעבן, זיי שמייכלען זייערע שמייכלען און זיי וויינען אויך אויס די פאַרכטיקע, ייִדישע טרער. דער שרייבער בנימין דעמבלין האָט געהאַט די ריינע קראַפט און די קינסטלערישע מיטלען, כּדי צו מאַכן זיין נסיעה אין זיין פאַרלאָשענער, אַלטער היים. ער האָט אויפגעשטעלט פאַר אונדז אַ נייעם בנין פון די איינגעפאַלענע פונדאַמענטן און פון די פאַרברענטע ווענט. און ווייל דער שרייבער האָט אין די פונדאַמענטן פון דאָזיקן נייעם בנין איינגעמויערט נישט בלויז דעם רויען ליטעראַרישן ליים און ציגל, נאָר ווייל ער האָט בעיקר פאַרמגילהט אין די יסודות און פאַסאַדן פונעם בנין דאָס פלאַטערנדיקע האַרץ — דעם גוטן מענטשלעכן גלויבן, די פונקען פון ליכטיקייט — איז דאָס אַ שיינע און דויערהאַפטיקע מתּנה, וואָס ער האָט געגעבן דער ייִדישער ליטעראַטור.

אריה שמרי (1907—1978)

## אידעע, מסורה און חזיון

צום סאַמע סודותדיקן ווונדער — און אפשר אויך צום שטאַרקסטן איראַציאָנאַלן יסוד — געהערט דאָס וואָרט, ווי דער אין פייער־אָנגעגליטער ציגל מיט זיין רויער, ערדיש־ליימיקער און אָפּגעקילטער פאַרקנעטונג. דאָס וואָרט שאַפט נישט בלויז די רעאַלע אַרכיטעקטאָניק פון פּאָעטישן פערז, נייערט גיט אונדז אויך איבער דאָס פייער פון זיין ערשטער צעגלי־טער שאַפערישקייט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ שטח פון הוילן נס. דאָס וואָרט מיט זיינע אַלע אומזעעוודיקע, פאַרזיגלטע כוחות, ווו „יעדער זילב זינגט באַזונדער״, מיט זיינע פאַרבאָרגענע זיסע סאָקן, וואָס פליסן פון פיאַלון־ביטערע אונטערערדישע וואָרצלען און אויך מיט זיין הימלישער פאַרבן־עשירות, באַקומט לסוף זיין שיינעם תיקון אינעם יצירהדיקן יש, טייל מאָל פאַר לאַנגע דורות, דורכן פּאָעטס ראיה און שמיעה. דאָס איז גאָרנישט עפּעס אַנדערש ווי דעם בעל־יצירהס איידלסטער מעכאַניזם ביים ווידערשאַפן די רעאַלע און אויך סודותדיקע וועלט, מיט זיין אייגענער קאַליריקער פרייד און אויך תהומיקער טריבקייט. דאָס וואָרט, וואָס איז בעצם אַזוי פּשוט אין זיין געביי, אַזוי אוממיטלבאַר־רייף אין זיין שלמות־דיקער אות־קאָנסטרוקציע, און איינצייטיק אַזוי פליסנדיק־זיגפול אין זיין לאָגישער געשטאַלטיקונג — הערט פון דעסטוועגן נישט אויף צו זיין פאַר אונדז אַ מין מעטאַפיזישער רייץ. דורך דער מאַגיע פון יעטוועדן גרויסן בעל־יצירה דערוויטערט זיך דאָס וואָרט פון זיינע ריין־מעטאַפיזישע ספערן און ווערט אַלץ נעענטער צו אַ רעאַלן, יצירהדיקן יש.

אין אַלע ליטעראַטורן גייט די שאַפערישע קריטיק פאַרויס מיט איר אַפּאָלאָגעטיק פאַרן וואָרטמיטאָס. גראַד אַזוי ווי די מיסטעריע פון שאַפן געהערט צו די פאַרהוילנקייטן — אַזוי איז אויך די מיסטעריע פון מענטש־

לעכן וואָרט גופא. כמעט אַלע עסטעטיש־פילאָסאָפישע קונסט־פאַרשונגען און ליטעראַטור־מעדיטאַציעס באַגלייטן בלויז די דרויסנדיקע וואָרט־קליפּה, ווי ס׳באַגלייטן, למשל, לייכטע נאַכטוואָלקנס די קרישטאָל־זיל־בערנע לבנה בעת איר נצחונדיקער נסיעה איבער הימלישע גרענעצן. בלויז צו יחידי־סגולה איז געגעבן געוואָרן צוצוקומען צום וואָרטיאָדער, צו אַנטפּלעקן די „וואָרטיקע־אַלכעמיעס״ בעת זייער שאַפער׳שער געפּאַנ־גענער באַגייסטערונג. דאָס שאַפט אַ מעטאַפיזישן אַקט, אַ זיווג צווישן דאַ און דאָרט, אַ בונד צווישן איינזאַמען מענטשאָטעם מיטן פרייען, אומבאַ־שיידלעכן קאָסמישן אָטעם, וואָס איז דאָך אַזאַ פילעוודיקער יש. מען קאָן זאָגן, אַז מיט אָט דער געבענטשטער נסיעה צו די כישופדיקע וואָרטוואָרצ־לען זענען באַשאָנקען נישט אַלע בעלי־יצירה, הגם זייער דיכטונג האָט אַ סך פאַרטיפט און אויסגעברייטערט אין מחשבה, אידעע, פּראָבלעמאַטיק דעם היקף פון זייער יצירה.

אין דער יִדיש־פּאָעזיע פאַרן לעצטן האַלבן יאָרהונדערט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז בולט אַ קליין הייפל געבענטשטע פּאָעטן, וואָס האָבן פון יִדיש־לשון אַרויסגעכישופט ווי פון קדמונישע שטיינפעלדזן די גינגאָלדענע אָדערן פאַר זייער קוואַליקער, לעבעדיקער באַגייסטערונג און פּאָעטישע גוטע בשורות. אַפילו צו נישט־דורכשניטלעכע פּאָעטן איז נישט געגעבן געוואָרן דער דאַזיקער אַלכעמישער וואָרט־כישוף ווי ס׳איז געגעבן געוואָרן, למשל, צו אַזעלכע בעלי־יצירה ווי: לייוויק, גלאַטשטיין, צייטלין, מאַנגער, סוצקעווער. עס גייט נישט אין מאָדערנער וואָרטשאַפונג, וואָס האָט צו טאָן מיט אַ מין מעטאַפיזישן אָפּפילן די יִדיש־רעאַליטעט. וואָרעם וויפל מאָל די רעאַליטעט ווערט דורכן פּאָעט דיכטעריש אָפּגעריסן פון אירע רעאַל־וויברירנדיקע כוחות, שטייגט אויף תּמיד די סימבאָליק ווי אַ טראַנסצענדענטאַלער גורם. מיר ווייסן, אַז פאַר די פּאָעטן־סימבאָליסטן איז די רעאַלע וועלט קיין מאָל נישט צו דערגרונטעווען; פאַר זיי איז בלויז דער סוד דער טיפסטער פּאָעטישער יסוד. די יִדישע פּאָעזיע האָט אָבער אויך געהאַט איר דאָברע־מזל אין איר קלאַסישער און דיאַלעקטישער באַ־זיניקטקייט און נישט בלויז אין דער פאַרסימבאָליזירטער אַבסטראַקציע. די יִדישע דיכטונג באַלעבט תּמיד אויף ס׳ניי אירע גוטע ירושהדיקע וואָרצלען

פון די אַלטע פּירקאַנטיקע אותיות, דערגרונטעוועט זיך דורך זיי צום שווערן נאַציאָנאַלן צער און אויך צום האַרציקן פאָלקסגלי. די פאַרבאָרגענע כּוחות פון דורותדיקע נסיונות און מסורה קומען אַרויסהעלפן דעם זינגענ־דיקן מענטשן מיט רחמים און תּפילה. זיי ווערן זיין „יאָך און תּוך״.

*

אריה שמרי האָט מיט זיינע צוויי היקפדיקע לידער־זאַמלונגען („גע־זאַנגען אין שייער״, 1970 — 693 זז׳ און „רינגען אין שטאָם״, 1975 — 233 זז׳) זיך באַטייטנדיק אַרויסגעהויבן צווישן די היינטצייטיקע פּראָמי־נענטע ייִדיש־פּאָעטן, נישט בלויז מיט דער דיכטערישער שפּראַך־דערפינ־דערישקייט. אמת, ער האָט מיט זיין סובטילן חוש פאַרן שפּראַכמיטאָס, מיט דער עשירותדיקער אַלטייִדישער וואָרט־אַרנאַמענטיק, געעפנט אויף ס׳ניי אַלט־נייע קוואַלן פון ייִדיש לשון. אָבער בעיקר האָט ער מיט זיין געשליפענעם פערז, פול מיט געווירציקן ייִדישן חן, הימען־געזאַנגיק אָפּ־געפרישט די טיפסטע געפיל־עמאָציע פון אַ הומאַנער יושר־וויזיע. די פּראָבלעמאַטיק פון זיין פּאָעזיע איז פאַרוואָרצלט אין די רעאַלע ראַנג־לענישן פון אונדזער דור, נאָך דער שוידער־תּקופה פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום. אויף אַ ברייט־קאָלירקער קאַנווע וויקלט ער פונאַנדער די יריעה מיט אַ שלל היינטצייטיקע אידעען, מחשבות אין זיינע טיף־לירישע און עלעגיש־מקורותדיקע אויסגוסן, אַריבערוואַרפנדיק אַ בריק צו ווייטע ספערן און פּאַנאָראַמעס. זיינע געזאַנגען ווערן אַ מין „געוועב פון אַלט־דורותדיקער טריישאַפט מיט יונג־דורישער מרידה״, וואָס פירט אים צו „אַלט־ייִדישע תּיקון־באַגערן און נאָך נישט באַשיידענע אַלמענטשלעכע גאולה־חלומות״. (פון אריה שמריס הקדמה צום באַנד געזאַמלטע לידער „געזאַנגען אין שייער״). וואָלט בלויז דאָס געווען זיין פּאָעטישער אַני־מאמין, וואָלט עס נישט געווען אַ צו גרויסער חידוש, וואָרעם מיר ווייסן וויל, אַז אונדזער גאַנצע ייִדיש־פּאָעזיע (געמיינט איז דאָ די ריין־קינסט־לערישע), אָנגעהויבן פון איר בראשית: מאָריס ראָזענפעלד, יהואָש, ליעסין און אויך דער שפּעטערדיקער פּאָעטן־דור, כּמעט אַלע האָבן אין זייער ליד געהאַט די אַ אייביקע אַטריבוטן פון „יונג־דורישער מרידה״ און „אַל־

מענטשלעכע גאולה־חלומות״. אָבער אריה שמרי געהערט צו די, ביי וועמען די דאָזיקע אַטריבוטן זענען שפּראַכלעך און אידעיִש שטאַרק אָפּ־געפרישט געוואָרן — מיט זיין מאָדערן ייִדישקייט־געפיל; מיט זיין אָפּגע־היטענער שפּראַך, וואָס ער רופט זי „מיין פאַרטרויערטע זינגשפּראַך ייִדיש״״, מיזמורט ער „פאַר ברויט און ברכה צו ווייטע מאַרגנס״, האַלטנ־דיק תּמיד וואַך זיין פּאָעטיש אויער צו אַלץ, וואָס איז נאָך לעת־עתה פאַר־דעקט אויף דער ערד מיט געוויין.

נייג דיין אויער צו דער ערד — וועסטו הערן
ווי אַלע וועלטן אין איין קערן וויינען.
(„רינגען אין שטאָם״, ז׳ 62).

מיט „אַלע וועלטן״, וואָס וויינען, זענען, דאַכט מיר, קודם־כּל געמיינט אונדזערע אַלע חרובע ייִדישוועלטן. די, וואָס בליקן שוין צו אונדז אויסגע־לאָשענע און פאַרשוווּנדענע. פונעם פאַרוויסטן, חרובן ייִדישקייט־ברונעם ריזלט נאָך פאַרן פּאָעטס אויער דער שאָרך פון תּהומיקע, אונטערערדישע שטראָמען און דער פאַרשניטענער רוף פון אויסגעגאַנגענע גאולה־חלומות. דאָס פייער פון גלייִקע תּפילות בריט צווישן זיינע פינגער, וואָרעם אויפן פּאָעטס אַקסלען ליגט ירושה, און נישט ריס, ווי ער רופט אינעם ליד „געצעלטן״:

ירושה,
און נישט ריס. — —
עס פרילינגט היינט דער טאָג,
נאָר ווי פון ווינטער שיידן?
נאָך שטייט דער זיידע איינגעבויגן,
נאָך ברענט די טרער אין טאַטנס אויגן,
און ביידע נעמען אים אַרום,
און ליפּן ציטערן און מאָנען שטום:
— נישט פאַרגעס...
— —

— — —

ער גייט מיט ווײַס געוויין,
די פיס אין בריִענדיקן ליים,
און דורות שרײַען אין זײַן ברוסט:
דו מוזט! דו מוזט!
ער גייט, געפירט פון רוף,
און די באַגערן, ווי פלאַם און דאָרן
אין שוואַכן גוף.

(„געזאַנגען אין שייער", ז' 16).

ביי פּאָעטן פון דער מדרגה ווי ס'איז אַריה שמרי איז תמיד פאַראַן דער פּאָעטישער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו: דו מוזט! ער מוז בעל־כרחו זיך ראַנגלען נישט בלויז מיט זיינע „פיס אין בריִענדיקן ליים", נייערט אויך הערן ווי „דורות שרייען אין זיין ברוסט". דער אַ צוזאַמענשטויס, אָדער מיזוג־כוחות, צווישן „ליים" און „דורות" — דאָס איז דער אָפּגעצוימטער דלת־אַמות, די פעריפעריע ווו שמרי פירט די האַרטנעקיקע מלחמה אין זיין רייך ניגונימדיק ליד מיט אַלע השראהדיקע טרערן־תמציתן. און גערעכט איז יעקב גלאַטשטיין ביים אָפּשאַצן שמריס ליד, אַז „ווען דער פּאָעט דערגייט צום תמצית פון אַ טרערנדיקער וועלט, ווערט ער אַוודאי דערהויבן צו דער מדרגה פון אונדזערע פאַרויסגייענדיקע פּאָעטן". („אין תוך גענומען", ב' 1, ז' 301). די אַ טרערנדיקע וועלט איז אַריה שמריס עיקר־ניגון. — ער איז פאַראַן, דער ניגון, אין אַלע זיינע געזאַנגען. עס זינגט פון אים, וואָרעם „דער ווייטיק בעט זיין זכות" און די טרערן ווערן פאַרגליט מיט אַלטע יידישע האָפענונגען. דער זאַנג־געזאַנג פאַרבלענדט זיין ראיה.

*

אין זיינע צוויי שוין דערמאָנטע לידערביכער, וואָס נעמען אַרום אַ יצירה־פּעריאָד צווישן די יאָרן 1936—1974, האָט דער פּאָעט איינגעזאַמלט כמעט זיין גאַנצן לידערשניט. פאַראַן צווישן זיי גאָר שיינע לידער און שטאַרקע פּאָעמען, וואָס פירן זיין ריינע, געדולדיקע פען צו אַ ברכה־

דיקן פאַרנעם באַרג אַרויף. ס׳איז נישט לייכט אין אַ קורצן עסיי אַרומצו־נעמען דעם גאַנצן היקף פון אַריה שמריס פּאָעטישער פּאַליטרע. אַלץ וואָס ווערט דאָ געזאָגט לשבח וועט זיין בלויז אַ רמז, אַן אָנדייט לגבי דער זיס־ווייניקער קערנדיקייט פון זיינע געזאַנגען. מען פילט דעם הייסן אָטעם פון דיכטערישער באַגייסטערונג און איינציייטיק — די מורא פאַרן זכרון, בעת ס׳קומט „די שעה פון זכרונות״:

אויך אויף מיר קומט די שעה פון זכרונות.
אַזוי זאָגט דער געביטער פון יאָרן:
אַלץ וואָס יונג איז, און שיין איז און טרוים איז —
מוז ווערן **זכרון**.
— —
איך וואָס האָב אַזוי ליב דעם **אַצינדער**,
די פעלדער, די קינדער,
און יעדער שמייכל — מיין לוין איז
און יעדעס גרעזל — מיין קרוין איז, —
ווי וועל איך אַריינגיין אין שיידל
צו פלעכטן זכרונות?

(„געזאַנגען אין שייער״, ז״ז 282־283)

די צייט „צו פלעכטן זכרונות״, וואָס איז אַן אומבאַשיידלעכער גורם אויך פאַר דער יצירה גופא, טראָגט מיט זיך די אַכזריותדיקע דערמאָנונג פון פאַרלענד. יונגע, בליִענדיקע וועלדער ווערן פאַרשניטן פון שׂרפות; אַלע מענטשלעכע שיינע חלומות וועלקן; אָבער דער זעלביקער אַכזריות־דיקער צייט־גורם פאַרשווינדט לחלוטין בעת דער פּאָעט טופעט אויס מיט זיינע פאַרליימיקטע שיך די לידער אויף דער קיבוץ־ערד. דער קאָלעק־טיווער מענטשנבונד, וואָס רינגלט אים אַרום און וואָס לעבט און חלומט אויף אַ שטיקל אָפּגעצוימטער ישראל־ערד — הערט אויף צו זיין אַ שווערע יידישע רעאַליטעט מיט אירע געשפּענסטיקע זכרונות. דער באַגרענעצטער שטח, דאָס פעלד, די שווער־פאַרשטויבטע שטעגן, דער בוים און די איינ־

זאַמקייט — אַלץ באַקומט ביי אים אינעם ליד אַ גאַר אַנדערן, ליכטיקן אויסמעסט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ ליכט פון אַן איבערערדיש, לעגענדאַריש פאַטערלאַנד. דאָ ווערן: מענטש, ברויט, שייער, פרוי און קינד צו אַן אויסגעחלומטן, זיסן מענטשלעכן עול. דאָ קומען די טעג „אויסקושן דיך מיט חלומדיקע אויגן". דאָ הערשן נישט בלויז אַנדערע געזעצן צווישן מי און שׂכר, נייערט פאַראַן אַ הומאַנער אַפּאָטעאָז פון מענטשנס איינגעשפּאַנטקייט, פון זיין נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט און פון זיין באַזיניקט אחריותפול לעבן, כדי צו געניסן פון „ברויטיק־לויביקע געזאַנגען":

האָט ברויט פאַרשמעקט, און באַרירט האָב איך די זאַנגען,
די צירונג פון אונדזער מאַמעשי, די בריה, —
האָט מײַן טראָט דערהערט דער מײַסטער פון קלאַנגען,
דער גרילן־זינגער, מײַן נײַע פעריפעריע.

(„געזאַנגען אין שייער", ז' 147)

אויפן דאָזיקן שטח, ווו ברויט, שייער און חלום זענען אַזאַ געבענטשטער זיווג, אויף דער פעריפעריע, ווו דעם פּאָעטס טראָט דערהערט דעם מייסטער פון קלאַנגען, דעם „גרילן־זינגער", און ווו „אין יעדן פענצטער ווינקט אַ פלעמל / און אַזאַ ריח פון די שייערס" צעקרישלען זיך די שאַרפשפיציקע, טויטע פעלדזן פון מענטשלעכער בדידות. אַ ניי־אויפגעגאַנגענע ליכטיקייט שטראָמט אויף דער דאָזיקער ערדיש־הימלישער פעריפעריע. אַזוי צו זינגען איז מען נאָר מסוגל בעת מ'איז „אַלט געוואָרן אין די אַלטע הייכן, / ביים שטערנבער אין פראָסט פון עלנט" („געזאַנגען אין שייער", ז' 147). און אַז דער פּאָעט איז שוין גוט דורכגעליכטיקט מיט זיין זאַנג־געזאַנג, מיט ברויט, שייער און חלום אויף דער דאָזיקער פעריפעריע, וואָס ווערט פאַר אים אין די לידער אַ פעריפעריע פון פּאָעטישן חזיון — קומט דעמאָלט דער הימען צום ברודער־פּאָעט אברהם שלאָנסקי, אינעם ליד „אָט אַזוי, ברידער":

אָט אַזוי, ברידער, —
ווי הירשן לאָמיר לויפן.

דער מאָרגן־שטערן שטײַגט שוין
און ער איז שיין.
גייט אויף, גייט אויף מיט אויפגאַנגלידער
און לאָמיר נישט פאַרזאַמען אין געוויין.

*

פון זון נעמט ליכט, פון פעלד — בטחון
און הערצער היילט פון שפּאָט און שינאה.
נישט טײַטלט אויפן בוים: צעבראָכן,
נישט זאָגט: דער ברונעם אויסגערונען.

פון נײַע טיפן שווימט דער פרילינג,
גלוסט צו עפּל און גרייט די עמער.
אַ נײַער טאָג שוין ברענגט דערפילונג,
און ער איז נאָענט, און ער איז שענער.

(„געזאַנגען אין שייער", ז' 170).

*

אַ קדמונדיקע, ריינע מחשבה־דערהויבנקייט, וואָס דערמאָנט די שפּי־רונג פונעם אורמענטש בעת זיין אַנטפּלעקן דאָס ערשטע אויפשפּראָצנדיקע גרעזל, דעם סוד און חידוש פונעם ערשטן פויגלפּלי, די מיטרייסנדיקע בלײַיקע ליבשאַפט צו אַלץ אויף דער ערד און אויך דעם ערשטן טרערן־געפּלייץ, איז פאַרפלאָכטן צווישן די ריטמישע סטאַקאַטאָ־שורות פון שמריס פּאָעזיע. דאָס טיפע אָפּפילן ווי מיט אַ זעקסטן חוש די דאַיִקייט פונעם אַלצבאַשאַפער, פונעם אַלצבאַקריינער דערווייטערט אים פון בלאָנדזשע־נישן. זיין פּאָעטישע אימאַגינאַציע געהערט צווישן די שענסטע אויסדרוקן פונעם בעסטן שבט יִדישע פּאָעטן. איר לירישע, ספּאָזמאַטישע געשפּאַנט־קייט און פאַרבילדלעכטער חזיון פאַרלירן גאָרנישט נישט פון זייערע ערדישע רעאַליען. אַגב, האָט עס לחלוטין נישט קיין שום שייכות צו דעם עקסיסטענציאַליזם אָדער ביהייוויאָריזם, וואָס האָט געלאָזט שטאַרקע שפּורן

סיי אין דער פּאָעזיע און סיי אין דער עפּיק אין מיטן פון אונדזער יאָר־הונדערט. מען קאָן אפשר זאָגן, אַז שמריס געזאַנגען זענען פּאַסטאָראַלע עלעגיעס, אָדער שיר־השירימדיקע קינות אויפן פּאָן פון אונדזער טראַגיש־ייִדישן עבר און פון דער ניי־געבוירענער ישראלדיקער דאָיִקייט. „פאַר־שטאָליק דיינע ליידן, / וועלט אין זון צו טראָגן, / איטלעכן טאָג — ווי אַ זויגלינג אויפן אָרעם. / דאָס האָב איך פאַרנומען, / פון דער טיף צווישן קברים" (געזאַנגען אין שייער", ז' 219). פון פאַרשטאָליקטע ייִדן־יסורים אין אונדזער דור וואַקסט אין אים אויס די דראַמאַטישקייט און גורל־באַצווינגערישקייט. דאָס איז בולט אינעם פאַרזיגלטן תוכן פון זיין אידעיִש ליד. אַ מין לעגענדאַרע תמימות, דורכגעוועבט מיט וואַרעמען רחמים, שוועבט איבער זיינע פערזן. זיי זענען קרישטאָליק, געשליפן אין זייער אינעווייניקסטער פאַרטרערטקייט, ווי פאַרשטיינטע פעלדזן־ברעקלעך, גע־וואַשענע פון שלאָקסרעגנס. דאָס שאַפט אין זיי דעם „איכה און הלל" נאָך אַלע עקדות; און אַז די עקדות־פייערן לעשן זיך, די שטורעמס לייגן זיך — ווערט די דראַמאַטישקייט און דער פּאַטום מילד אויפגעלייזט אין דער פּאָעטישער פעריפעריע מיטן „ניגון פון פאַר טאָג", מיטן ערשטן אַלף און מאָרגנפרי, בעת ער דערקענט און עס לויכט פון זיין פנים „דער שדי אין קנייטש פון מיין שטערן" —

און אַלץ זאָגט: אַלף, פרילינג — ווידער,
און אַלץ רופט: זינג און גלייב, אַז תמיד — —
הער איך ווי רינדער מוּען לידער,
און איך זע וועלטס בלייִקע נשמה.

(„רינגען אין שטאָם", ז' 212).

הערן „ווי רינדער מוּען לידער" און זען „וועלטס בלייִקע נשמה" איז ביי אַ הײנטצייטיקן פּאָעט אַ הויכע מדרגה פון שיינער תמימות און בטחון. דאָס איז וואַרעמע, פּאַנטעיִסטישע ליריק, אָדער בעל־שם'ישע אמונה און תפילה; דאָס איז דער אינטימסטער און תוכיקסטער אָטעם, וואָס גייט פון שמריס דיכטונג; דאָס איז בלויז אַ טריט צו דער אייגענער צוואה. אַלע

זייַנע פּאָעטישע טווּנגען בליקן אַריבער צום שפּעטערדיקן דור, וואָס דאַרף איבערנעמען די ירושה. זייַן בליק ווערט צניעותדיק־פֿאַרשטילט. ער זינגט פּאַסטאָראַל־אַוונטיק, אַפּילו קהלתדיק, וואָס איז נישט פֿריי פֿון אייגענעם שולדגעפֿיל.

*

אין די לידער און פּאָעמעס, וואָס דער פּאָעט האָט אײַנגעשײַערט אין זייַנע צוויי דערמאָנטע לידערבענד, איז פֿאַראַן די רייך־קאָליריקע פּאַנאָ־ראַמע פֿון אידעען און חזיונות, אַ כמעט פֿאַרסך־הכלדיקע ליניע פֿון זייַן יצירה — סיי אין די אינדיווידועל־ליִרישע לידער און סיי אין די נאַציאָ־נאַל־היקפֿדיקע, מיט זייערע אינטימע, נאַראַטאָרישע אַקאָרדן. זייַן פּאָעזיע האָט איר אייגענע צניעותדיקע כּוחות־דינאַמיק, כּדי צו אַקצענטירן די עסענץ און תּוכיקייט פֿון הייַנטצייַטיקער פּראָבלעמאַטיק. ער מייַדט אויס די האַרבע רעטאָריק און אינטעלעקטועלע, פּאָעטישע זיגזאַגן. ער מאָנט פֿון זיך אַליין: זיי ריין אין געזאַנג. זייַן ליד איז נזיריש־ריין, פֿאַרפּעדעמט מיטן דינסטן און אינטימסטן געוועב פֿון יעטוועדן נשמה־פּלאַטער: פֿון די קליינע ערדישע פֿריידן ביז צו דער אויסגעחלומטער פּאָעטישער גליק־זעליקייט. זייַן וואָרט פֿאַרזיסט די שטעכיקע דערנער פֿון ייִדיש־דיכטע־רישער בדידות, וואַרעמט מיטן פֿייער פֿון גוטער ליבשאַפֿט צו דער פּרוי, זינגט מיט רחמים צום אומגליקלעכן קינד, בענטשט מיט חסד דאָס גראָז, דעם פֿויגל, די בינען, דעם טאַטנס קידוש און בושל אין היי; דאָס אַראָפּ־נידערן צו די דוממים און דערהערן מיטן „אות פֿון פּרימאָרגן" דאָס שטומע געפּליסטער פֿון ליימיקער ערד, אַלע אירע נאָך נישט אויפֿגעגאַנגענע ליכטיקייטן — איז גורם, אַז זייַן געזאַנג טראָגט אין זיך אַן אַלט־היימישע, אויסגעזיפּצטע ברכה, אַ סודותדיקן פּאָעטישן רייץ, אַזוינס, וואָס דער פּאָעט רופֿט עס אָן: „דער סודותדיקער כּתב פֿון מייַן לעבן". די מחשבה ווערט פֿאַרליכטיקטער גלויבן. ער דערזעט אין זייַן זינגעוודיקן יאָך אַפּילו „קושן פֿון גאָט אויף יעדערנס פּנים". אַז אַ פּאָעט ליכטיקט אויס זייַנע לידער מיט דער זון אין די פֿינגער, אָדער זעט אויף יעדנס פּנים די קושן פֿון גאָט — פֿירט דאָס צום אורערשטן עלעמענט פֿון דיכטונג, צום אינטימסטן אויסדרוק פֿון אמונה און צו פּאָעטישער רעליגיאָזיטעט:

ניט מיט שפּע בעט איך באַלוינען,
נישט גלאַנצן פון גאָלד וועל איך וועלן,
נאָר איינס נאָר איך בעט דיך, רבונו:
כ׳וויל זען דײַן בראשית־געזעלן.

גאָר פרי, ווען פאַרקאַשערסט די אַרבל
און שפּרייטסט אויס אויף פעלדער די פליגל,
זאָל איך מיט דיר גאַרטלען די גאַרבן
אָט דאָ אויף דעם גליַיקן היגל;

מיט לאַסטיקע, זונגיקע שפּאַנען
די גאַרבן אין סטויגן צעשטעלן,
און פילן, אַז דו ביסט פאַראַנען
אין וועלטפעלד בײַ האַנט פון געזעלן.

(„געזאַנגען אין שייער״, ז׳ 687).

די־אָ באַזוניקטע און באַזיניקטע רעליגיאָזיטעט (וואָס האָט, אגב, אָ ניגונדיקן עכאָ פון יעקב פרידמאַנס תפילה־פידעלע) איז אַריינגעוואַקסן אינעם פּאָעט דורך יאָרהונדערטער פון מסורה, דורך פאַרלוירענעם טאַטע־זיידע־כישוף, דורכן ווידער־אויפגייענדיקן נאַציאָנאַלן חלום, צווישן דער ליימיקער ערד און שווער־פאַרווונדיקטער ייִדן־רעאַליטעט, ווו „ס׳וועלן גרודעס געדענקען די שטויביקע שיך / וואָס האָבן אין גאַנג געטופּעט געזאַנג״. די פּאָעטישע אמונה צו זען ליכט און גוטע באַשערטקייט, וואָס איז בדרך־כלל דער פאַרוואָרצלטער יסוד פון איטלעכן קרעאַטיוון כוח, געפינט אַריה שמרי אין זיינע קיבוצישע דלד־אַמות. אַז מ׳איז מסוגל צו זינגען שירה אין אַ נזיריש קעמערל, אין אַ געטאָ־קעלער, אָדער ביי די פלאַמען פון קרעמאַטאָריעס — איז אַוודאי גרינגער אויפצוזאַמלען פּאָעטיש האָב־און־גוטס פון גראָזן, לאַנען, קוישן לידער־מו, זיפצן, חלומות אויפן ליימיקן קיבוץ־פעלד, לעבן אַקער־אייזן און הינערשטייג; דער דרויסן — דער רעגן און חמסין — און אויך דער אייגענער איך־גורל ווערן דאָ

באַצווונגען דורך אַ פאַרוואָרהאַפּטיקן חלום. די גאָט־נאָענטקייט ווערט אַ מין פאַרליכטיקטע אַלט־היימישקייט. די אָ בדידותדיקע יצירה, וואָס איז דאָס זיס־שלוכצנדיקע קול פון דער יידיש־פּאָעזיע אין אַלע צייטן, טראָגט זיך אַריבער אַזש צום זיידן אין אַמאָליקן וואַלד:

אין שטילקייט דאָרט
האָט געאָטעמט גאָטס וואָרט.
וואָס שטילער — מער סוד,
מער וואַלד און מער גאָט.

(„רינגען אין שטאָם", ז' 15).

*

וואָרט־פּשטות און פילאָסאָפישע אַקצענטן זענען אָפּט מאָל אַ גוטער פּאָעטישער סינטעז ביים ליריקער. די גרענעץ צווישן פּשטות און פילאָסאָ־פישע אַקצענטן ליגט אינעם אַנגעשפּיצטן אויער אָפּצופילן די וואָג, די געזאַנגיקע קלאָרקייט און פלאַטערניש פון מינדסטן יידישוואָרט, און אפשר אויך פון מינדסטן יידישזילב. אין די געזאַנגען פון אַריה שמרי איז פאַראַן אין אַ גרויסער מאָס דער אָ אינטעלעקטועלער פונאַנדערטייל, די דינע באַריערע, די אומזעעוודיקע פּאָעטישע וואָג און מאָס. זיי וועגן און מעסטן די אותיות אין זייער פאָרעם, תוכן, קלאָרקייט און געזאַנגי־קייט. דער כוח צו פאַרוואַנדלען דעם אינעווייניקסטן גילדענעם וואָרטיאָ־דער אין אַ יצירהדיקן יש — איז דער בולטסטער סימן פון שאַפערישע נאַטורן; אַ בליק אין אונדזער פּאָעזיע באַווייזט באַשיימפּערלעך, אַז אָנ־געהויבן פון מאָריס ראָזענפעלד און יהואָש ציט זיך די נצחונדיקע טרויער־קייט פון דער גרויסער יידישער פּאָעזיע — אין אַ וועלט פון חורבן און צעפאַל. אָבער די אָ נצחונדיקע טרויערקייט פון דער יידיש־שירה איז נישט געבליבן בלויז ביי די שוין דערמאָנטע בעלי־יצירה. צו איר זענען צוגעקומען נייע טרויער־פייערן פון נייע פּאָעטן־אַבלים, וואָס האָבן אויפ־געהויבן די יידיש־פּאָעזיע צו נצחונדיקע נאַציאָנאַלע הייכן. צו זיי מוז מען צוגעבן די גבורהדיקע פּאָעטיק פון אַזאַ דיכטער־מקונן ווי חיים גראַדע,

דעם משולח און בעל־תּפילה מיט טיפער עמאָציע און פייער — יעקב פרידמאַן, און בלי־ספק די געזאַנגען פון אַריה שמרי, מיט זייער מסורה־דיק־פרומען לירישן מיזמור־ציטער. זיין פּאָעזיע האָט געפונען די שטרענגע מאָס, דעם צימצומדיקן קערן און דעם האַרמאָנישן ווילקלאַנג פאַר די ייִדישע זילבן — דווקא אונטערן שווער־פאַרפראַצעוועטן, אָפּגעצוימטן קי־בוצישן הימל. דאָרט האָט ער, אין בדידות פון זיין ייִדיש־פּליסטערן, גע־פלאַסטערט זיין אייגענעם זאַנג־געזאַנג־וועג, וואָס ער רופט אים: „אַ וועג פון אומרו, דמיון און באַגריפן". („רינגען אין שטאָם", ז' 31).

דמיון און באַגריפן — די אַ צוויי אַנטיפּאָדן זענען געוואָרן די ציגל פון זיין פּאָעטישן בנין. שוין געטע האָט געזאָגט, אַז דער סינטעז צווישן דמיון און באַגריף שאַפט דעם שמעלצאויוון פון פּאָעזיע. די וועלט פון שאַפערישן דמיון דאַרף דורכגיין אָן אַ שיעור טונקעלע לאַבירינטן, אַ נייעם אויסמעסט, אַ פרישע געבורט און שיינע בלייִקייט — דאָס איז די פאַר־הוילענע פרייד פון בעל־יצירה. מיר האָבן אין דער ייִדיש־דיכטונג גאַר שטאַרקע פּאָעטן, וואָס ווערן געפירט בעיקר פונעם דמיון, אָבער קליין איז דאָס הייפל זינגערס, וואָס זייער פּאָעזיע איז אַ פעלד, פאַרזייט מיט ממשות און באַגריפן. ווען קאָנקרעטע באַגריפן און אידעען ווערן דערהויבן צו פּאָעטישער סימבאָליק ווערט דאָס איינער פון די שענסטע אויסדרוקן אין דער דיכטונג. צו די אַ בעלי־יצירה וואָס האָבן דעם באַגריף, די רעאַליען, די קאָנקרעטע ממשות, די גראָע טעגלעכע וואָר אָנגעקליידט אין אַ שיינעם סימבאָלישן לבוש געהערט אַריה שמרי. זיין „וועג פון אומרו, דמיון און באַגריפן" גייט פּאַראַלעל מיטן באַלויכטענעם שטעג פון זיין לירישן, אָדער ריין־אינטעלעקטועלן, אידעיִשן ליד.

דער ספּעציפיש־פּאָעטישער דראַנג פון זיין געזאַנג איז, בכן, צו באַ־פליגלען דעם דמיון פון אייגענער שפּירעוודיקייט, כדי צוצוקומען צום נאָענטסטן צום באַגריף פון אָפּגעפרעמדטקייט פונעם מיטמענטש; טרעטנדיק אויף דעם וועג, מיידט אויס זיין סטיל דעם לירישן נוסח. ער פירט אונדז אַריין אינעם פרעמדנס יסורים־וועלט דורך זיין אייגענער, גלייכגילטיקער פריזמע. ער זינגט צום שכן וועגן „שטעג פון טרערן", וואָס ווערט דער

אויסגעזונגענער סימבאָל צו אַלע מענטשן אין דער ווייט — צו די אָפּגע־פרעמדטע פאַרצוימטע און פאַרשוויגענע ווי צו „געזונקענע מלאָכים״.

פון שוועל צו שוועל אַ שטעג פון טרערן
און איך ווי דו — מיט טרוים און בראָכן,
דער זעלבער שטעג פון איין באַשערן —
אונדז געזונקענע מלאכים.

פאַר וואָס זשע איז דייַן טיר פאַרשלאָסן ?
אַז וואָס ווילסטו פאַר מיר פאַרבאָרגן ?
איך בין ווי דו די הימלענס יתום
און איך וויל הערן דייַן גוט־מאָרגן.

(„רינגען אין שטאָם״, ז׳ 65)

דאָס איז ריינער אָפּאָטעאָז פון מענטשלעכער גורל־שותּפות. דער דרך אויפצוּוועקן אַ שמייכלענדיקן „גוט־מאָרגן״ אויף מענטשלעכע ליפּן איז שמריס „שטעג פון טרערן״ אונטערן קיבוצישן הימל. ער, „די הימ־לענס יתום״, האָט די בלוט־און־חלום־קרובשאַפט מיט אַלע מענטשן. דער שטעכיקער זשאַווערצוים פון יחידישער אָפּגעפרעמדטקייט פאַלט ביסלעכ־ווייז איין; אויף זיין אָרט וואַקסט אויס דער גרויסשטחימדיקער, באַפרייענ־דיקער, פריידיקער חלום צו אַ „גוט־מאָרגן״. זיינע זריחות שווימען נאָך לעת־עתּה פאַרן פּאָעט גופא הינטער פאַרנעפּלטע בערג, אָבער ערגעץ־ווו צווישן זיינע פאַרייאושטע שכנים, די נאָענטע און ווייטע, די אָפּגע־פרעמדטע און אַנטלאָפענע, דערזעט ער שוין דעם זעגל פון נצחון פאַר אַלע „געזונקענע מלאכים״. דאָס איז נישט סתּם אַן אָפּאָטעאָז פון גרינגן, לייכטזיניקן פּאָעטישן אָפּטימיזם, נייערט דער אויפגעוואַכטער, ניכטערער, טראַגישער בת־קול פון די אומצאָליקע פאַרשניטענע ייִדן־דורות. דאָס איז די פייער־צוואה פון זייערע לעצטע פאַרגאַזטע קולות. דער פּאָעט קאָן נישט משלים זיין מיטן גיהנום אויף דער ערד. ער איז צווישן דער מחנה פון נצחונדיקע אַנזאָגערס — קודם־כּל אין דער פּאָעזיע. נישט איין מאָל

געשעט, אַז די גינגאַלדענע זריחות אין דער פּאָעזיע, ווערן פאַרויסלייכטנ־דיקע פראָזשעקטאָרן, וואָס צעשאַרן די שווערע וואָר־חשכות ערב אַ נייעם טאָג. אַלע מפּלות ווערן ווידער צום מקור פון וואַרעמער פשטות, פון ברכה־דיקער, אידעיִשער קאָנטעמפּלאַציע און פּאָעטישער רעליגיאָזיטעט. פון טריבער פינצטערניש וואַקסט ווידער דאָס ערשטע ליכט פון גלויבן אין גוטס.

*

אָן הילכיקער עקזאַלטאַציע און אָן אויפגעבלאָזענעם וואָרט־פייער, וואָס זיינע פלאַמען קאָנען זיך זייער גיך פאַרלעשן, וואַרעמט זיך אַריה שמרי ווי גאָטס געזעל ביי זיין איינזאַמער, אַלטהיימישער ייִדישער יצירה־הרובע. דאָ היט ער אָפּ פאַר דער ייִדיש־פּאָעזיע דאָס שטילע צאַנקענדיקע פייער פון אידעע און חזיון. דאָ דערגראָבן זיך זיינע געזאַנגען צו די „פונ־קען פון תיקון". דער דאָזיקער יצירהדיק־פּסיכישער מצב איז ביים פּאָעט נישט קיין איבערגייענדיקע אינספּיראַציע. זי קומט פון זיין פּויליש־קליינ־שטעטלדיקער פרומער קינדשאַפט און פון די רייפסטע טרויערן פון אַ שלמותדיק מענטשלעך לעבן. אַלץ גרייט זיך ביי אים אין ליד צום יום־טוב פון יצירה.

אין סך־הכּל דאַרף מען זאָגן: אין די לידער פון אַריה שמרי הערשט אַ געצוימטע דאָרפישע שלווה, אָבער איינצייטיק אויך אַ יווירנדיקער אי־דעיִשער אומרו, געבויט אויף פּאָעטישע אמתן און ריינעם חזיון. זיי קניפּן צונויף די האַרטע וואָר מיט דער פיוט־באַגייסטערונג פאַר אַ שיינעם זונ־אויפגאַנג. לייענענדיק שמריס געזאַנגען האָט מען תמיד דעם איינדרוק ווי דער פּאָעט וואָלט אויסגעזונגען זיינע ניגונים שטייענדיק איבער די קני איינגעהילט אין אַן אַלט־געוועבטן טלית. בלויז זיינע פיס זענען באַ־שטיוולט מיט שווערע, פאַרליימיקטע שטיוול, וואָס ווען אים באַלד אַוועק־טראָגן צום עול פון תיקון. איבער זיינע לידער „מיט חלום און מיט וויי" הענגט דער הימל אַ ליכטיק־צניעותדיקער, מיטן שימער פון גוטער פאַר־טרוילעכקייט. זי איז פאַראַן אינעם קערן פון זיין ייִדיש־לשון, אין דער מוזיקאַלישקייט פון פיוט, אינעם בילד, פייסאַזש, רייכער קאָלירקייט —

און אין דער פאַרשלאָסנקייט פון זיינע פערזן. דאָס איז דער כוללדיקער זאַנג־געזאַנג, וואָס דרינגט אַרויס פונעם מאָדערנעם ייִדנס געמיט, פון זיינע קוועלן און האָפענונגען. ער זינגט פאַר אים די קליינע און אויך גרעסערע פּיוטים מיטן זעלביקן אָטעם, דאָס איז דער אָטעם פון ייִדישע אָפּגרונטן, פון ייִדישע יאָמערן, אָבער אויך פון נייע בליִענדיקע לאַנקעס פון חזיון און אידעען, פולע מיט „ווונק פון בשורה".

מיט ווונק פון בשורה בין איך געקומען —
און וואָס, אויב ס'שרעקט מיך דער פאַרגאַנג?
כ'וועל תּמיד דאַנקען דעם קוואַל און ברונעם,
נאָר דאַרשט וועט בלײַבן מײַן געטראַנק.
(„רינגען אין שטאַם", ז' 70)

אַזוי שרייבט נאָר אַ פּאָעט, וואָס האָט קיין מאָל נישט איבערגעריסן אונדזער גילדענעם, ירושהדיקן יצירה־פאָדעם, געגאַנגען מיטן שווער־שטויביקן טראַקט פון די אַלטע פּײַטנים צו קוואַליקע ברינעמער און צו אַ נייער זריחה. ער געהערט צום שבט ייִדישע פּאָעטן, וואָס האָבן צום בנין פון דער ייִדיש־דיכטונג צוגעבויט אַ נייעם גאָרן און אין אים איינגעשייערט זיינע שאַפערישע כּוחות מיט אַן אָפּגעפרישטער, יונגער באַגייסטערונג.

אין אַ ליד „ייִדישע ווערטער", פאַר יעקב גלאַטשטיין, שרייבט אַריה שמרי:

ס'קאָן גאָרנישט פאַרבײַטן די ייִדישע ווערטער —
בלוט אינעם האַרץ און פײַער אין שאַרבן.
די ייִדישע ווערטער
פון מײַן היים, די צעשטערטע —
זיי וועלן נישט שטאַרבן.

עס זמרט מײַן טאַטע אין טויטקייט זײַן נצח,
עס שעפּטשעט מײַן מאַמע און בעט זיך און בעט זיך

פון וויַטע, פאַרשנייטע, פאַרשיקטע ערטער,
אַז איך זאָל אַ שעפּטש פון איר תּפילה דאָ אַרבן.
פון איר קבר אַרויס בעטן ייִדישע ווערטער:
לאָז אונדז נישט שטאַרבן!

(„געזאַנגען אין שייער", ז' 417)

אַזעלכע רייד זענען אַ מאָנונג און אויך אַ רוף צו אַ ברכהדיקן אויפֿשטייג, אַז „בלוט אינעם האַרץ און פייער אין שאַרבן" קאָנען נישט פאַרמידברט ווערן; און הגם „אין אונדזער וואַלד ווערט שיטערער, / די סאָקן ווערן ביטערער" — בלייבן דאָך די סודות פון באַשאַף דאָס הייליקסטע פייער פאַרן המשך פון דער ייִדיש־יצירה. זי ווערט ווייטער געשטאַלטיקט, גדלותדיק, ירושהדיק, שטאָלץ, אין רוחניותדיקער דערהויבנקייט און מסירת־נפש, דורך אירע גרויסשאַפערס אין אַלע דורות.

א. מ. פוקס (1974—1890)

## דער קינסטלער פון ביזאַרער עפּיק

די האַרמאָנישע אידענטיטעט צווישן אַ שרייבער און זיין שאַפן איז פון די זעלטנסטע סימנים פאַר דער שלימות און איינהייט פון בעל־יצירה און זיין שרייבערישער וועלט. דער דאָמינאַנטסטער שטריך פון א. מ. פוקס' וועלט איז טאַקע דער אומצעטיילבארער צווילינג־בונד, וואָס זיין עפּישע שורה האָט געהאַט מיטן שאַפער גופא. זיין געשטאַלט איז געווען דעמביק און דעמביק איז אויך געווען זיין עפּיק. פונדעסטוועגן האָט אַ געניט אויער לייכט געקענט אויפנעמען אין אים דאָס פאַרבאָרגענע ריזלען פון אַ קריש־טאַליק קוועלעכל, וואָס פּרעפּלט שטיל, פליסט עלעגיש־תּפילהדיק צום באַשאַף. אַזוי רעדט צו אונדז תּמיד אַ קונסטווערק און די נאַטור גופא. און א. מ. פוקס איז געווען — נאַטור. ער האָט געהאַט אין זיך די נאַטור פון אַ שווערן פעלדז, פון אַ צעשטויבטער בוים־קרוין, אָבער אײנצייטיק אויך די נאַטור פון אַ פאַרבאָרגן און פאַרשעמט גרעזל, וואָס ווערט גע־שלאָגן פון שטורעם.

די יידישע קריטיק האָט אַ סך לויב אָפּגעגעבן זיינע ביכער: „איינ־זאַמע" (1912), „אויפן בערגל" (1924), „אונטער דער בריק" (1924). ש. ניגער האָט געשריבן: „ער גיט אונדז צו פאַרזוכן דעם טעם פון דער וועלט רויערהייט, דעם גיהנום פון די באַדינגונגען מיט שטומען צער און גיפטיקע שלענג שיפּען אונטער זיין פעןן. ער וויל אונדז נישט אונטער־טראָגן די שווערע נויטן אין אַ גילדענעם בעכער ווײן נאָר אין אַ אָרעמער ערדענער כּלי...".

א. מ. פוקס האָט געהאַט לענגערע הפסקות אין זיין שאַפן מיט יאָרן פון פאַרשוויגנקייט. ער האָט שווער געהאָרעוועט אויף זיינס אַ שורה,

כּדי פון איר אַרויסצושלאָגן די לעצטע פונקען קינסטלערישקייט. ערשט אין 1961 דערשיינט אין פאַרלאַג „דער קוואַל" אַ גרעסערער באַנד דער־ציילונגען „די נאַכט און דער טאָג". אין דער הקדמה צום בוך, געשריבן פון באַשעוויס־זינגער, זאָגט זיך וועגן פוקסן: „אַ טראַגישער שרייבער".

ס'זענען אויך דערשינען פון א. מ. פוקס אין העברעיִשער איבערזע־צונג צוויי ביכער: „בגוים" (1946) איבערזעצט: מ. בראַסלאַווסקי און „תהום פעור" (1954), איבערזעצט: ש. שנהוד. דאָס איז, דוכט מיר, אַלץ, וואָס איז דערשינען בעתן לעבן פון דאָזיקן אָריגינעלן און קרעפטיקן פּראָזע־קינסטלער.

מען דאַרף אָבער זאָגן, אַז ניגערס באַצייכענונגען „דער גיהנום פון די באַדינגונגען" און „גיפטיקע שלענג" דאָס איז געווען נישט עפּעס אַנ־דערש ווי דער געשלאָגענער און אויסגעוואָרצלטער יִידן־דור, דער פאַר־פלאָגטער המון־עם מיט זיינע אומפאַרהיילטע סאָציאַלע ווונדן. זיי זענען עס געווען די טראַגישע וואָרצלען, וואָס האָבן גענערט א. מ. פוקס' כּוחות. די דאָזיקע וואָרצלען האָבן אויך דעם שרייבער גופא אין זיך פאַרקלאַמערט, אים נישט אַרויסגעלאָזט פון זייערע פינצטערע ערדישע תהומען. די טראַגיק האָט באַגלייט זיין יעדע דערציילונג, גראָד אַזוי האָט זי זיך נישט אויך אָפּגעטאָן פון זיין פּערזענלעכער, מענטשלעך־שרייבערישער דאָליע. אויב זיין געשטאַלט איז געווען געקנאָטן פון די זעלבע ערד־גרודעס ווי זיינע געשילדערטע יִידן, איז אויך זיין שאַפערישער מעדיום געווען פאַר־קנסט מיטן זעלביקן תהום, וווּהין ס'דערגרייט זעלטן אַ טראָפּן מילד, טרייסטנדיק ליכט.

זיין געמעל־סטרוקטור, דער עפּישער בילד־געווירבל, די פאַרב־געע־דיכטקייט, דער פאַלקסטימלעכער דיאַלאָג און דער האַמערדיקער ריטעם זענען אַוודאי ביי אים דער אויסדרוק פון אַ גרויליקער תקופה. א. מ. פוקס איז ערלעך־גרויזאַם אין זיין שרייבן. זיין שרייב־מעטאָד איז געווען ווייט פון אינטימיטעט, פון אַ לירישער, יחידישער פּראָזע. ער איז פון דער נאַטור נישט געווען גרינג־פּיסיק אויסצומיידן שפּראַך־מכשולים, מעטאַ־פאָרן־בליצן און אימאַזש־ראַנגלענישן, וואָס זענען אים באַפאַלן ביים

שרייבן. ער האָט זיך זיי לייכט אונטערגעגעבן און דערפאַר געשאַפן אַ געדיכטע נעץ פון וואָרט־קרייצונגען, וואָס טונקלען מיט זייער לעקסישער עסענץ. אָבער בדרך כּלל איז זיין דערציילונג גנאַדיק אין איר האַרבקייט און סאַמעט־ווייך אין איר רחמימדיקער אינטערפּרעטאַציע. פון הינטער דער דעמביקער דיסציפּלין שמייכלט אַרויס דער וואַלד־פּאַוון. דער קינסט־לער אין פוקסן ווייסט, אַז אויך דעמבעס, ווי מענטשן, האָבן זייערע קראַנקע הערצער, וואָס ווייגען אין דער איינזאַמקייט.

א. מ. פוקס איז געשטאַנען אין דער השפּעה־ספערע פונעם שרייבער־דור, וואָס זענען געווען די ערשטע יסודות־לייגער פאַר אַ נייער ייִדישער עפּיק. מען קאָן זיי אַלע צורעכענען כּמעט צו זיינע מיטצייטלער. ער האָט געהערט צום דור פון לאַמעד שאַפּיראָ (1878), יונה ראָזנפעלד (1880) און י. ח. ברענער (1881). עפּעס פון די דאָזיקע פּראָזע־מייסטער פאַרמאָגט א. מ. פוקס. גראָד ווי ביי זיי איז אויך ביי אים געווען בולט דער גורל־דיקער, בלוטיקער בונד — די טראַגישע אידענטיטעט צווישן שרייבער און זיין עפּאָכע. אויך ער האָט געהאַט אין זיך דאָס ביזאַר־ביטערע פון לאַמעד שאַפּיראָ, די פּסיכישע אינטראָספּעקציע פון יחידישן גורל יונה ראָזנפעלדס און אויך י. ח. ברענערס תּהומיק בלאָנדזשעניש צו דער ייִדישער נשמה־דערקענטעניש.

אויב אָנצונעמען ט. ס. עליאָטס פאָרמול, אַז „מיר קענען נישט פאַר־שטיין בשלימות אַ קונסטווערק אויב עס גיט אונדז נישט קיין פאַרגעני־גן", אונטערליגט טיילווייז א. מ. פוקס דער אַ פאָרמול. דערפאַר אפשר דער שוין אַ ביסל צו האַרבער צוגאַנג פון טייל קריטיקער־עסטעטן צו א. מ. פוקס' פּראָזע. אָבער — אויב אַפילו פוקס' עפּיש טייג איז נישט געקנאָטן פון דורכגעזיפּטן, לויטערן זעמל־מעל, פאַרמאָגט אָבער זיין קינסטלעריש לאַבן ברויט דעם גוטן טעם פון קרישטאָליק זאַלץ, פון געבענטשטער רוי־ערד און פון אַ ברכהדיקער, זיסער יערונג. די מיניענדיקע מאָזאַיִק פון דער פוקס־דערציילונג, זיין מאָדעלירן טיפּן, אויפלעבן געשעענישן אָדער מאָלן פּייזאַזשן — און בעיקר די נאַטוראַליסטישע פאַרב ביים לאָזן בו־שעווען די אומפאַרצוימטע נאַטור־כּוחות — זיי געהערן, לדעתי, צו די

אָריגינעל־שיינע מוסטערן פון דער דערציילקונסט — און נישט בלויז אין דער ייִדיש־ליטעראַטור.

פאַראַן אַן אַרכאַישער רייץ אין זיין זאַץ. איר הערט דעם קרעכץ פון אַלטע דעמבעס בעתן שטורעם, דאָס רויע געוויטער־וואָיען איבער פעלדזן, די בלענדיקע שניי־זאַווערוכעס — צוזאַמען מיטן געקלאַג פון דער ייִדי־שער נשמה. דאָס איז די ראַם פון אַ ייִדן־דור, וואָס האָט זיך געראַנגלט אין זיין סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער שפלות. מ׳ט איין אויפגעהויבענער האַנט בעטן זיינע יידן רחמים ביים הימל און מיט דער צווייטער — שטרעקן זיי אַ פאַרקראַמפּטע פויסט צום רוצח און רשע. זיינע מענטשן פאַרקאָוועטע אין יסורים, זענען תמיד גרייט זיך צו שלאָגן מיט אַלע פיר ווינטן פון דער וועלט אַבי צו דערגרייכן אַ בעסערע דאָליע. די אָרעמע און געקריוודעטע נעמען־אויף דעם בונט מיט תפילה און בטחון. דער סאָציאַלער שטאָלץ — זיי זענען דער טיפערער קערן פון פוקס׳ שילדערונג. זי ווערט אָבער געהילט אין אַ בלאָ־„הימל־ליכט״. מיטן נאָמען „דאָס בלאָע הימל־ליכט״ רופט ער אָן איינע פון זיינע שענסטע דערציילונגען פון בוך „די נאַכט און דער טאָג״.

מיטן אַוועקגיין פון א. מ. פוקס איז פאַרשווּנדן פון אונדזער ליטע־ראַטור אַ פּראָזע־קינסטלער פון אַ הויכער מדרגה. ער האָט אָפּגעשלאָסן נישט בלויז אַ קאַפּיטל פון ייִדישער עפּיק פונעם עלטערן דור שרייבער, ביירט ס׳איז אויך פאַרשווּנדן דער זיווּג צווישן דעם מענטשן א. מ. פוקס און זיין יצירה. ער איז געווען אַ „טראַגישער שרייבער״, ווי ס׳קאָן נאָר זיין אַ פאַרשטומטער מייסטער אין זיין איינזאַמער זיקנה. זיין טראַגיק איז אויך געלעגן אין דעם, וואָס ער האָט „בלויז״ געקענט שרייבן יאָדער־דיקע, גוטע ייִדישע פּראָזע — אָבער נישט מער. און דאָס איז, זעט אויס, ווייניק אין אונדזער תקופה. א. מ. פוקס האָט געהאַט אַ סך פאַרערער פון זיין פעדער — בעיקר צווישן די בעלי־יצירה. אייגער פון זיי איז געווען איציק מאַנגער. ערגעצווּ איז פוקס׳ וועלט געווען פאַרוועבט מיטן בלאָען הימל־ליכט פון מאַנגערס עטערישער פּאָעזיע. דער עפּישער דעמב האָט געלעכצט צו די בלאָע געוועבן פון שירה. און הגם פוקס איז באַערט גע־ווען מיט עטלעכע ליטעראַרישע פּרייזן — איז אים די מאַנגער־פּרעמיע

(מיט גרויס עוולה) נישט צוגעטיילט געוואָרן — הגם זי האָט צו אים, ווי צו אַ נעסטאָר, געהערט פֿיל פֿריִער ווי צו אַנדערע געפּרייזטע. זי איז אים צוגעטיילט געוואָרן ערשט היי־יאָר *. אָבער דאָ האָט דער גורל ווידער באַוויזן די טראַגיק צום בעל־יצירה. א. מ. פֿוקס האָט זיך נישט דערוואַרט אויף דער פּרייזן־פֿאַרטיילונג. מאַנגערס גילדענע פּאַווע האָט אים פֿריִער גערופֿן צו זיך, צום בלאָען הימל־ליכט, מיט איר שיין געזאַנג, וואָס טראָגט זיך איבער אַלע תּהומען פֿון ייִדישן גורל.

* אין יאָר 1974.

## יואל מאַסטבוים (1957—1884)

# די גרײַזן זענען זיך צעלאָפֿן

בעת אין חודש נאָוועמבער 1971 איז אַוועק פון אונדז איינער פון די געצײילטע און בעסטע — און אפשר גאָר דער גרעסטער יִדישער שרײַבער יעקב גלאַטשטײן ז"ל — האָט ער מיט זײַן אַוועקגײן מיטגענומען מיט זיך נישט בלויז די זעלטן־ברכהדיקע פען, זײַן גרויסן גלי פון יצירה — נאָר די אַכסניה־יִדיש איז מיט אַ מאָל געוואָרן וויסטער, ליידיקער און אומבאַשיצטער. גראָד ווי ס'וואָלט אין דער דאָזיקער אַכסניה, וואָס איז סײַ־ווי פאַרלאָזן־אומבאַהאָלפן, געוואָרן אַרויסגעריסן די שענסטע און פּאַראַדנע טיר, וואָס האָט געפירט צום שײנעם טרקלין פון אונדזער יִדיש־יצירה. אָבער אַחוץ דער פען האָט ער מיטגענומען מיט זיך נאָך עפּעס גאָר גרויסעס, טײַערס און קדושהדיקס: דאָס איז געווען זײַן פאַרחלומטע און אויך רעאַלע פּיעטעט פאַר די עלטערע שאַפערס, פאַר זייער וואָרט און באַגייסטערונג; און ס'איז אויך געווען גלאַטשטײנס קינסטלעריש אמונה אין מאכן טײלמאָל אַ וואָרע פאַרן גוט־אויסגעבריטן, אמתן אומגעפעלשטן טאַלאַנט. דאָס איז געווען, לדעתי, איינע פון די שענסטע, עטישסטע, אומבאַפלעקטע הויכע מידות פון דאָזיקן גרויסן שרײַבער. ער איז געווען אפשר דער גרעסטער פאַרגינער אין דער יִדישער ליטעראַטור, אין דער אַ סביבה, ווו דער שוין־איינגעפונדעוועטער שרײַבער און „פאַרזיכערטער מיט אייביקייט" קוקט זעלטן אַראָפּ, נאָך ווייניקער בליקט ער אַרויף צו יענע, וואָס האָבן אים אויסגעבריט און טאַקע צוגעגרייט דעם באַלעמער.

גראָד ערב דער יאָרצײַט פון אַ צווייטן יִדישן שרײַבער — יואל מאַסטבוים ז"ל — זענען צו מיר געקומען די אַ אייביקע מחשבות. און גראָד איז אַזוי געשען, אַז בעתן מעיין־זײַן נאָכאַמאָל אין עטלעכע שאַ־

פונגען פון יואל מאַסטבוים — איז צו מיר דערגאַנגען יעקב גלאַטשטיינס לעצט לידער־בוך־מתּנה „געזאַנגען פון רעכטס אויף לינקס", אַרויסגע־שיקט דורך אים אין סעפּטעמבער 71', ד"ה 6 וואָכן פאַר זיין אַוועקגאַנג. האָב איך שוין במילא, בלויז אויף אַ ווײַלע, אַריינגעלייגט אַ סימן אין מאַסטבוימס בוך — און זיך איבערגעגעבן מיט פאַרקלעמטן, אומגעשטילטן צער דעם בוך פונעם ייִנגסטן, גרויסן נפטר יעקב גלאַטשטיין.

מיר ווייסן אַלע, וואָס אַזוינס איז דאָס ליד, דער עסיי, די זיסע סענ־טענץ, די קלאָרע חכמה און די ברכהדיקע יאָדער פון גלאַטשטיינס זינגען און זאָגן. אָבער דאָס, וואָס ער האָט דאָס לעצטע לידער־בוך פאַרזען מיט אַ הקדמה „צוריק־טראַכטונגען" אויף גאַנצע 8 זייטן — איז פון אַזאַ טיף־ווידווידיק געפּליסטער, פון אַזאַ אָפן, השתפכות־הנפשדיק אַראָפּרעדן־זיך־פון־האַרצן, אַז די דאָזיקע הקדמה וועט זיכער נישט פאַר איינעם דינ־נען בעסער צו פאַרשטיין און אויך נענטער ליב צו האָבן די אָ גרויסע שאָפערישע געשטאַלט.

איך האָב נישט בדעה צו מאַכן קיין פאַראַלעל (און עס לאָזט זיך אויך לגמרי נישט) צווישן די צוויי נפטרים: יעקב גלאַטשטיין און יואל מאַסט־בוים. דאָס זענען געווען גאַנץ אַנטיפּאָדישע מענטשן, מיט גאָר אַנדערע פּאָטענצן, מיט אַנדערע הימלען און אַנדערע יצירה־כּוחות. אָבער אין דער דאָזיקער דערמאָנטער הקדמה צום לידער־בוך „געזאַנגען פון רעכטס אויף לינקס" זענען פאַראַן פיל באַריר־פּונקטן, אַ שלל מחשבותן און אויך קינסטלערישע באַרעכטיקונג, וואָס צוויינגט יאָ דיביידע שרייבער צונויפ־צופירן אויף אַ ווײַלע צוזאַמען. דאָס, וואָס איז פאַר ביידע יאָ געווען אייגנטימלעך איז: זייער מליץ־יושרדיקייט, די אַלטע מידה פון כּיבוד אב, דער אָפּשיי פאַר די פאַרגייער, דרך־ארץ פאַר אַן עלטערן דור שרייבער און איינצייטיק — די אויסגעשטרעקטע האַנט צום ייִנגערן, שטרויכ־לענדיקן און הילפלאָזן שרייבער. און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן נישט, חלילה, כּדי אַליין צו שטייגן אַ שטאַפּל העכער אויף דער אייגענער שרייבערישער לייטער, נאָר מחמת זייער אָן־פּניותדיקער אמונה אין די יצירה־כּוחות פון ייִדיש־לשון, וואָס „בייזע כּוחות" ווילן זיי תּמיד פאַר־טיליקן. ביידע האָבן מן־הסתּם גוט געהאַט אין זכּרון זייער פלאַטערנדיק

ייִדיש האַרץ, בעת זייערע וואָקלענדיקע, ליטעראַרישע אָנהייבן, דעמאָלט בעת זיי האָבן מיט קנאַפּ בטחון געשטעלט די אייגענע ערשטע טריט „פון אומזיכערן אויסגלייך מיט עלטערע" — ווי דאָס רופט יעקב גלאַטשטיין. אין זיין דערמאָנטער הקדמה שרייבט ער אויך: „כ'האָב זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַפרייען פון מיין איינגעוואָרצלטער פּיעטעט צו די עלטערע חברים... ווען איך בין געזעסן מיט רייזענען ביי איין טיש האָב איך ביי מיין גאַנצער רעבעלישקייט קיינמאָל נישט פאַרלוירן דעם דרך־ארץ צו אים... איך בין געקומען „מיט רייזענען" קיין אַמעריקע און איך האָב אים קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטויסן פון זיך... אָט — די דאָזיקע איינגע־פלאַנצטע פּיעטעט איז מיר בייגעשטאַנען, ווען איך האָב גענומען סיס־טעמאַטיש שרייבן ליטעראַרישע אָפּשאַצונגען...".

בעת איך טראַכט צוריק קאָן איך אפשר זאָגן, אַז קיין ישראל בין איך געקומען מיט אַ סך שרייבערישער הילפלאָזיקייט פון מיין אומגעשיצטער ייִדישער פען. די שווערע דורכלעבענישן פון אַ שרייבער בעתן איבער־טראָגן זיך פון איין קאָנטינענט — אין דעם פאַל פון גלות־פּוילן — אינעם נאָרוואָס אויפגעוואַכטן, אַלט־ייִדישן היימלאַנד, זענען אויך געווען באַגלייט מיט אַ סך אומרו און אומקלאָרע האָפענונגען. אַוודאי איז אַ סך געווען אָפּהענגיק אויך פון דעם צי איז מען געקומען קיין ישראל „מיט ישראל". דער אַ באַגאַזש העלפט איבערצוקומען די גייסטיקע טראַומאַטישע קלעפּ, וואָס אַ שרייבער איז ספּעציעל אויף זיי אויסגעשטעלט. אין רעטראָספּעק־טיוו זענען מיר דעריבער גאָר טייער די דורכלעבענישן, נסיונות בעת די אינטימע צוזאַמענטרעפן מיט שרייבער. אין די אַ באַגעגענישן איז תיכף אַרויסצופילן, ווו איז די וואַרעמע האַנט, די זאָרג און דער עיקר — דאָס נישט לאָזן דיך פאַלן אין דיין שרייבערישער טראַומאַ.

יואל מאַסטבוים, אַלס שרייבער געדענקט זיך נאָך גוט פון פּוילן, פון דער יצחק קאַצענעלסאָן־שטוב, ווו כ'האָב אַלס אָנפאַנגער פאַרגעלייענט מיט גרויס ציטערניש מיינע ערשטע נאָכנישט פאַרעפנטלעכטע שורות. דאָרט האָב איך זיך נענטער צוגעקוקט צום עלטערן שרייבער יואל מאַסטבוים, צו זיין נערוועז, שיין פּנים, געהערט זיין קלינגענדיק פויגל־קולכל, וואָס האָט געהאַט אין זיך אַ סך וואַרעמקייט און געוועקט צוטרוי. ער האָט

תּמיד דיר געקוקט גלייך אין די אויגן, גראָד ווי דאָס האָט געטאָן יצחק קאַצענעלסאָן. פאַראַן שרייבער, וואָס בעתן רעדן צו דיר קוקן זייערע אויגן איבער דיר. יואל מאַסטבוים און יצחק קאַצענעלסאָן פלעגן תּמיד אַריינקוקן אין דיר. און דאָס איז געווען שוין דעמאָלט פאַר מיר די שענ־סטע, צוטרוילעכע בריק, ווו איך האָב געטראָטן שפּעטער איבער אַ סך טיפענישן און תּהומען.

ווו זענען געלעגן די וואָרצלען פון יואל מאַסטבוימס שאַפערישקייט? דאָס איז געווען, מיין איך, זיין פאָלקסטימלעכע שיינע פּשטות, נישט קיין איבעריק ציזעלירטע און אויך נישט קיין צופיל אינטעלעקטואַלי־זירטע, אָבער אַ פּשטות אָן אומיטלבאַרע, מיט וועלכער דער שרייבער האָט אונדז דערציילט וועגן אַ לעבן, וואָס ער האָט דורכגעפיבערט מיט זיין דור מענטשן און ער האָט עס אונדז איבערגעגעבן מיט זיין אייגן אומבאַצירט און דאָך אַזוי וואַרעם יִידיש פאָלקס־וואָרט. זיין יצירה האָט באַקומען אַ תּיקון אין די ראַנגלענישן פונעם פּשוטן פאָלקס־מענטש. זיינע געשילדערטע פיגורן זענען ראָמאַנטיש־טראַגישע, מיט אַ שמץ פון אַ לייכטן קאָמיזם און ווי פאַרלוירענע אין זייערע טעגלעכע ראַנגלענישן און חלומות. יואל מאַסטבוים איז ווי אַ שרייבער געווען נשמהדיק פאַרוועבט אינעם ראָמאַנטיזם פון שלום אַש, אינעם נאַטוראַליזם פון איטשע מאיר ווייסענבערג און אויך אינעם עלעגישן הומאָר פון דוד פרישמאַן. ער האָט אין זיך תּמיד געפילט דאָס אָרעמע גליק פון זיין אייגענעם שאַפערישן אָטעם. דאָס איז געווען דער אומגעפעלשטער אָפּטימיזם און גלויבן פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך יצירהדיק זעלבסט אָפּגעפונען — אינעם ניגון, אינעם נישט־פריזירטן, פּשוטן וואָרט, אינעם שווערן חלום פון אַ פאָלקס־קינסטלער.

בלעטערנדיק איצט אויפסניי יואל מאַסטבוימס ביכער, ווו אויף די בלעטער פליסט דאָס אויסגעלאָשענע יִדיש־לעבן, שטייט ווידער פאַר מיר די געשטאַלט פון שמייכלענדיקן יואל מאַסטבוים, ווי ער קוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין, גראָד ווי ביי זיין לעבן. און עס שווימט מיר צוריק אַ געשעעניש — אַ ריין אינטימע און פערזענלעכע, וואָס וואַרפט אָבער אַ שיין ליכט אויף דער געשטאַלט פון יואל מאַסטבוים אַלס מענטש און שרייבער.

איך האָב געוווּסט, אַז יואל מאַסטבוים לעבט ווי אַ שרייבער „אין אַ זייט", אָבער איז תּמיד געווען גרייט צו גיין „קלאַפּן אין טיש" און מרעיש־עולם־זיין ווו מען דאַרף. אין די פאַרהעלטנישן מיט איבער 20 יאָר צוריק, האָט אַפילו דאָס „קלאַפּן אין טיש" קנאַפּ געקאָנט העלפן. אמת, יואל מאַסטבוים איז אין דעם פּרט נישט געווען דער איינציקער. עס זענען גע־ווען נאָך אַנדערע יידישע און העברעישע שרייבער, וואָס האָבן געטראָגן יעדע מעגלעכע הילף. אָבער דאָס איז אַ שיין קאַפּיטל פאַר זיך, וואָס וואַרט נאָך אויף זיין צייט און אויפן געדרוקטן וואָרט.

איך בין גאָר גערן געגאַנגען באַזוכן דאָס מאַסטבוים־הויז, וואָס האָט מיך ווי צוריקגעפירט צו דער קאַצענעלסאָן־שטוב אין לאָדזש. און הגם צווישן די געשעענישן דאָ און דאָרט זענען אָפּגעפלאָסן איבער 30 יאָר און מיינע שרייבערישע שורות האָבן שוין געררוט צווישן די ביכער־טאָוולען, פונדעסטוועגן האָב איך תּמיד געהאַט דאָס זעלביקע געפיל ווי דעמאָלט, בעת כ'בין געשטאַנען פאַר די עלטערע שרייבער אין יענער קאַצענעלסאָן־שטוב. ס'איז דעריבער מיר נישט געווען קיין חידוש, וואָס אַנומלט האָט מיר יואל מאַסטבוים געגעבן דורכצוקוקן די קאָרעקטור פון זיינס אַן אַר־בעט. אין מיינע ערשטע טריט אין לאַנד — איז עס געווען דעמאָלט ווי אַ צוריקגיין אויף יענער בריק, וואָס האָט אונדז צעשיידט אין דער תּקופה פון חורבן. איך האָב די קאָרעקטור דורכגעקוקט און געזען, אַז אייגנטלעך איז זי שוין אַ ריינע, כּמעט אָן גרייזן... וואָס זשע אַזוינס איז יואל מאַסטבוים געווען אויסן? איך האָב אים די קאָרעקטור תּיכּף צוריק־געבראַכט — אים אויפגעקלערט, אַז מסתּם איז דאָ געשען אַ פאַרזען וואָרעם נישט געווען כּמעט וואָס צו פאַרריכטן... דעמאָלט איז געשען אַט וואָס: פון אַ צווייטן צימער איז שטיל אַרויס די פרוי פון יואל מאַסטבוים — די טאַקטפולע, קלוגע העלענע און מיר דערלאַנגט — זייער דיסקרעט — אַ ווייסן פאַרקלעפּטן קאָנווערט. מיינע בליקן האָבן געבלאָנדזשעט אויף מאַסטבוימס פּנים. זיינע בליקן האָבן דאָס ערשטע מאָל אויסגעמיטן מיינע, און געקוקט איבער מיר. כ'האָב געהערט בלויז זיין ווייך קול:

— וואָס הייסט נישט געווען קיין גרייזן? געווען אַ ים מיט גרייזן, נאָר פּשוט, די גרייזן זענען זיך צעלאָפן... זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר

אייער אויג... דיעלאָ מאַסטעראַ באַיִטסיאַ... דאָס ווערק האָט מורא פאַרן מייסטער... די גרייזן זענען זיך צעלאָפן ווי אַ כאַפּטע מעזריטשער קוואָקעס...

ס׳איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן דער אָ פאַרגלייך: די גרייזן זענען זיך צעלאָפן ווי אַ כאַפּטע מעזריטשער קוואָקעס. אין מאַסטבוימס מויל האָט עס געקלונגען היימיש־פאָלקסטימלעך און מאָלעריש־פּלאַסטיש. עטלעכע מאָל האָט ער אים איבערגעחזרט — און ווידער מיר געקוקט שוין גלייך אין פּנים אַריין. מן־הסתם האָט ער געהאַט בדעה מיט דעם אָ זאָג מיך ווייכער מאַכן, צעברעכן מיין טרויעריק קווענקלעניש לגבי דעם פאַרקלעפּטן קאָנווערט: צי זאָל איך נעמען דעם דאָזיקן ערשטן אומפאַרדינטן האָנאָראַר, וואָס ווערט מיר אויסגעצאָלט פון אַן עלטערן יידישן שרייבער!

אַ סך טעג איז מיר שפּעטער נאָכגעגאַנגען דער אָ שלום־עליכמשער פאַרגלייך מיט די מעזריטשער קוואָקעס. ער איז גלייך געווען מסוגל צו באַפרייען דאָס האַרץ פון אַ סך אָנגעזאַמלטע לאַסטן אין יענע ערשטע שווערע טעג מיט זיין מאַגישן כוח, וואָס ליגט תמיד פאַרבאָרגן אין אַ הויך־־קינסטלערישן זעלטן־שיינעם פאַרגלייך.

נישט בלויז די גרייזן זענען זיך צעלאָפן. אַ סך אונדזערע יונגע שרייבערישע חלומות זענען אַוועק אין גיוועץ און זיך צעלאָפן. געבליבן איז דאָס געדרוקטע בלאַט, די שורה, דאָס קול, וואָס איז זיך נישט צעלאָפן און פאַרבליבן ווי פאַרמויערט צווישן די אותיות.

יעקב גלאַטשטיינס „צוריקטראַכטונגען" האָבן געגעבן דעם שטויס פאַר דער דערמאָנונג פון יואל מאַסטבוים צו זיין 15טער יאָרצייט. צוריקטראַכטונגען וועגן פּיעטעט, דרך־ארץ, כבוד פאַרן עלטערן שרייבער־דור. יואל מאַסטבוים וועט בלייבן צווישן די דרך־ארץ־געשטאַלטן, וואָס ייִנגערע שרייבער, טיילמאָל די „רעבעלישע שקצים", וועלן טראָגן אין זייער האַרץ, הגם „מיר אַלע, די איבערנעמערס, האָבן זיך צוזאַמען געעלטערט". אָבער נישט פאַרעלטערט איז געבליבן יענץ ערשטע געפיל פון די הילפלאָזע שאָפערישע יאָרן, וואָס מיר טראָגן אין זיך פאַרפאַנצערט און מיט אַזוי פיל רעספּעקט פאַר די אַוועקגעגאַנגענע, עלטערע שרייבער.

## פערל האַלטער (1913—1975)

# דערמאָנונגען אויף יענער זײַט באַרג

צוויי לידער־זאַמלונגען פון דער אַזוי פרי־פאַרשטאָרבענער פּערל האַלטער טראָגן דעם נאָמען „דערמאָנונגען" (פאַרלאַג א. ב. צעראַטאַ, פּאַריז, 1953) און „אויף יענער זייט באַרג" (פאַרלאַג י. ל. פּרץ, ת"א, 1968). אויב די נעמען פון די צוויי ביכער פיגורירן דאָ ווי אַ בשותפות־דיקער קאָפּ איבער דער דאָזיקער אַרבעט, געשעט עס, וואַרשיינלעך, מחמת דעם וואָס, איבערלייענענדיק איצט נאָכאַמאָל אירע צוויי לידער־זאַמלונגען, האָט זיך ביים מחבר פון די שורות געשאַפן אַ נאָענטע, אַסאָציִאַטיווע פאַרבינדונג צווישן דערמאָנונגען און אויף יענער זייט באַרג ווי אַן איינ־הייטלעכער באַגריף צווישן דעם וואָס פאַרבלייבט לאַנג פאַרקיימט אין זכרון, אָבער געהערט שוין צו אַ ווייטער אויסגעלאָשענער תקופה. די אָ תקופה ליגט פאַרשאָטן מיט ייִדישער טראַגיק אויף יענער זייט באַרג פון צייט און געשעענישן.

די נעמען־באַהעפטונג פון די צוויי באַזונדערע לידער־ביכער זענען דעריבער געוואָרן צו איינס. דער דערמאָנונג־פאַרהאַנג הייבט־זיך־אויף איבער יענעם פּיצל ערד, ווו ס'זענען אַנטשטאַנען די ערשטע נאָך־איבער־געשראָקענע ייִדישע שורות פון דער דיכטערין פּערל האַלטער. דער דע־מאָלטיקער ייִדן־האַריזאָנט אין פּוילן, נאָך אַ צעצונדענער פון די נאָר וואָס פאַרלאָשענע קרעמאַטאָריעס, האָט זיך ביסלעכווייז שפּעטער פאַרזיגלט מיט כּרת און פאַרשטומטקייט. אַלץ, וואָס איז געווען פאַר אונדז אַזוי יצירהדיק, חיותדיק, מיט איבערנאַטירלעכע ייִדיש־שאַפערישע וויטאַלע כּוחות, ליגט שוין איצט פאַרלענדט אויף יענער זייט באַרג. דער פּלוצימדיקער אַוועק־גאַנג פון אַ שטילער דיכטערין ברענגט אונדז ווידער צוריק, מיט איר ביסל

וואָרעם־מענטשלעך און פּאָעטיש ליכט, די פּאַרלאָשענע דערמאָנונגען פון אונדזער פאַרוואָגלטער ייִדיש־שאַפערישקייט אין דער גאָרער וועלט.

די צייט: דער פריִער פעריאָד פון באַפרייטן פוילן נאָכן מוראדיקן ייִדן־חורבן. צווישן די רעפּאַטרייִרטע פון הינטער יענער זייט באַרג געפינט זיך אויך די קליינע משפחה פון פערל האַלטער. די סימנים פון נע ונד ליגן פאַרקריצט אין די ייִדישע פּנימער. פערל האַלטער איז נישט גע־קומען מיט קיין גרויסן לידער־באַגאַזש, אַ חוץ מיט די ערשטע לידער, פאַרעפנטלעכטע אין מינסקער „שטערן". זי האָט די לידער געטראָגן תּמיד אין איר פרויען־טאַש מיט אַ צניעותדיקער פאַרשעמטקייט. אירע נערוועזע, דינע הענט האָבן זיי תּמיד געהאַלטן גרייט צום פאַרלייענען, בעת איר שטיל און דערשראָקן פּנים האָט געקוקט אויף דיר מיט אַ שמייכל פון אומרו און פאַרלוירנקייט. אַזוי פאַרלוירן און אומרויק זענען תּמיד בלויז אָנפאַנגער פון דער אמתער פּאָעטישער שורה: פאַרלוירן, איבערגעשראָקן און אומבאַהאָלפן פונעם ריינעם, באַצווינגערישן, ערשטן כּישוף פון יצירה.

דער וועג פירט זי שפּעטער קיין פּאַריז (1948), פון וואַנען זי שיקט אירע נייע לידער צו פעריאָדישע ליטעראַרישע אויסגאַבן איבער גאָר דער וועלט. ס'דערשיינען אויך, אַחוץ די שוין־דערמאָנטע צוויי לידער־זאַמלונ־גען, אַ בוך איבערגעזעצטע לידער אין העברעיִש, מיט אַ וואַרעמער הקדמה פון דב סדן און אַ בוך קינדער־לידער „יונגע טעג". אַ ריי לידער ווערן אויך איבערגעזעצט אין פראַנצייזיש, ענגליש און שפּאַניש. דאָס איז דער גאַנצער שרייבערישער פאַרעפנטלעכטער פאַרמעג פון פערל האַלטער.

אויב אינעם ערשטן בוך „דערמאָנונגען" איז נאָך איר דיכטעריש פּנים האַלב־פאַרשלייערט, דער גאַנג — נישט אָן שטרויכלונגען און מיט אומקלאָרקייט — דער פערז, פאַרמאָגט אָבער שוין דאָס צווייטע בוך „אויף יענער זייט באַרג" די קאָלירִיקע גאַמע פון אַ פּאָעטיש־ריינער נאַטור, ווו זאַפטיקע בילדלעכקייט, געפיל־קלאָרקייט און בעיקר — די אוממיטל־באַרע עסטעטישע עמאָציע ווערן צום שיינעם קערן פון איר אויסגעזונ־גענער שורה. למען האמת מוז מען אָבער זאָגן, אַז אויך אין די „דער־מאָנונגען" איז שוין פאַראַן איר לירישער ווייכער טאָן, הגם אַ נאָכנישט שלימותדיקער, נאָר אַ געדעמפּטער און צוריקגעהאַלטענער. ערשט אינעם

צווייטן בוך וועט דער אַ טאָן באַקומען אַ מער פּולערן, פּאָעטישן אויסדרוק.

פאַראַן אין די „דערמאָנונגען" אַן ערלעכער שימער פון האַרציקע, וואַרעמע טראַדיציאָנעלע שורות. זי זוכט אָראָפּצוּוואַרפן פון זיך די אומקלאָרע הויט פון ליטעראַריש לשון און אויך באַפרייען דאָס דיכטערישע געפיל פון גראַם־לאַסט און גראַם־געפּעגקעניש. מען זעט בולט ווי איר יונגע שאַפערישע נאַטור ראַנגלט זיך מיטן בין־השמשות־וואָרט. מיט דער קאַלירלאָזער און קלאַנגלאָזער סטראָפע, כדי צוצוקומען צו דער „ליכטיקייט פון ליד", ווי זי זינגט: „מיט פאַרבן אין די אויגן / און מיט פאַרבן אין געמיט / בלייב איך אין דער נאַכט געבויגן / איבער ליכטיקייט פון ליד" (ז' 6). אויב אַפילו די אָ ליד־ליכטיקייט וועט ערשט שפּעטער אויפגיין שלימותדיקער, דיכטעריש־אינטימער אינעם בוך „אויף יענער זייט באַרג" — איז דאָך פאַראַן אין די „דערמאָנונגען" אַזוינס, וואָס וויל דורכדרינגען דעם וועג צו אַן אייגענעם פּאָעטישן גורל: צי וועט זי דערגיין צו איר אויסגעבענקטער דיכטערישער הויכקייט? דאָס איז די ליכטיקע ספיקות פון אַ דיכטערין. דאָס איז גלייכצייטיק יִאוש מיט אַ גישט־אויסגעזונגענעם פאַרבאָרגענעם בטחון:

די הויכקייט מיך פירט בײַ דער האַנט,
מײַן ווילן נאָך העכער ער שפּאַנט —
נאָר אַ פעלדז האָט דעם וועג מיר פאַרשטעלט,
מײַן האַרץ האָט אויך אָטעם פאַרפעלט,
בלײַב איך אין מיטן וועג שטיין
אַזוי נישטיק און קליין —
...נאָר איך קלעטער, כאָטש כ׳ווייס עס אַליין
איך וועל נישט דערגיין.
(ז' 57)

אומזיסט איז געווען דער יִאוש־טאָן. פערל האַלטער איז מיטן צווייטן בוך יאָ דערגאַנגען. און דערגאַנגען איז זי מיט אייגענע, באַשרענקטע, שיינע כוחות צו איר פּאָעטישן חלום, וואָס לינדערט דעם יִאוש. אויב

ס'האָט זי נישט געפירט ביי דער האַנט „די הויכקייט", האָט אָבער דער מלאך פון שירה געפירט איר האַרץ מיט טוגנט און רחמים, איר פּאָרטרויט סודות פון אַ וואַרעמער וואָרט־אינטימיטעט. איר שורה באַגלייט אַ האַרמאָנישע עקספּרעסיע, עטערישע לייכטקייט מיט אַ סומנער, טראַדיציאָנעלער, עלעגישער תּפילהדיקייט. פאַראַן דאָ ענלעכע מאָטיוון ווי אין ערשטן בוך: טרויער און שרעק, בענקשאַפט און ליבשאַפט, היימווי פון זכרון און אויך דער מיסטישער קאָנפליקט צווישן זי און ער, איינגעוויקלט אין אַ זיסער פּאָעטישער פאַרחלומטקייט. ווי אַנדערש אָבער איז דאָ איר זען און באַנעמען. אַ ראָמאַנטישער רינג נעמט־אַרום כמעט אַלע מאָטיוון אין בוך. אויב מען וויל — קאָן מען הערן אין זיי עכאָס פון פּוילישע דיכטער־ראָמאַנטיקער: קאָנאָפּניצקאַ, טעטמייער, אַפילו וויספּיאַנסקי — אויב עס רעדט זיך וועגן פּאָעטישער לעקסיק. דערפאַר אפשר די ווערטער־פאָלאָניזמען, וואָס זי באַנוצט מיט אַ נאָסטאַלגישן ניגון. למשל: „ווען דיינע האָר איך האָב דערזען / מיט ווייסן שראָן פאַרצויגן /"... „ס'איז לייכטער צו שפּאַנען / דורך פּלאַנטעס און דורך רעגן / מיט אַ פלעמעלע פון פרילינג" / ...„קריש־טאַלענע סאַלעס"... „האָט זיך אין מיר דער כאָבליק צעלאַכט".

פּערל האַלטער געהערט, דוכט מיר, צו די אָממייסטן „זאַרגפעליק"־פאַרשוויגענע יידיש־דיכטערינס נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. זי איז נישט די איינציקע. אפשר קאָן עס זיין אַ שטיקל טרייסט, אַז ס'איז פאַראַן אַן אָפּקלייב פון ערלעך־שאַפערישע כּוחות אין יעדן דור. אומצאָליקע נאַציאָנאַלע, פּסיכאָלאָגישע גורמים היטן די יצירה־־כּוחות פון די פאַרשוויגענע און פאַרגעסענע. טראַגיש איז עס וואָס ערשט דער פיזישער טויט פונעם שאַפער באַלעבט זיינע איבערגעלאָזענע ווערטער. אָבער אויך נישט תּמיד שטייט צוקאָפּנס פונעם אָוועקגעגאַנגענעם דער מלאך פון יצירה, וואָס היט־אָפּ פון פאַרפאַלנקייט און פאַרגעסנקייט.

שוין אויף די ערשטע בלעטער פון צווייטן בוך קומט צום אויסדרוק די שווערע וואָר פון יידיש־יצירה. די דיכטערין קלאָגט: „פאַרבלאָנדזשעט אָן יעדן שפּור / אָן אינהאַלט, אָן וואָר" (ז' 10). דאָס איז אַ טרייער אויסדרוק פון דער יידישער חורבן־וועלט, וואָס האָט אַזוי וווּנדיק צעשניטן יעטוועדן אָפּגעראַטעוועטן בעל־יצירה. די אינהאַלטלאָזע וואָר און די פאַר־

בלאַנדזשעטקייט ווערן דאָך טייל מאָל ביי איר אָנגעליכטיקט דורך פּאָע־טישער האָפענונג:

איך צאַפּל בײַ יעדנס שמייכל,
וואָס פֿרײַנטלעך צו מיר איז געווענדט,
ווער טויב פֿאַר מײַן אייגענעם שׂכל
אין בליץ פונעם וואָרט, וואָס פֿאַרבלענדט.

(ז׳ 16)

טויב זיין לגבי דער וועלט פון רעאַליען, אויפנעמען אין זיך דעם בלענדיקן בליץ פון פּאָעטישן וואָרט, וואָס זי האָט אויפגעכאַוועט אין איר וואַרשעווער היים און שפּעטער — אין סאָוויעטישן בע״ונד — דאָס ווערט ביסלעכווייז דער גורלדיקער גאַנג פון אַן אויפגייענדיקער יִדיש־דיכטערין נאָכן חורבן. אויך אין דער פראַנצייזישער מעטראָפּאָליע זינגט פ. האַלטער איר קינה־ניגון: צו דער מאַמען, צו דער באָבען, צו גאָט פון אַברהם, צו די שבת־שטערן. זיי לייכטן נאָך פאַר איר אויף יענער זייט באַרג. אָפט צעוואַרעמט זיך איר פען צווישן לייכטע פערזן פון קינדער־ליד, ווו איר שורה ווערט פול, זאַפטיק און מיט תּמימותדיקן חן. אָבער בעיקר דאָמינירט דער מאָטיוו וועגן די סודות, רייצן, פייערן און טרויערן פון איינזאַמער ווייבלעכער גלוסטונג אין איר אַלמנהשאַפט. באַלד קומען די ערשטע שפּראָצונגען פון ליבשאַפט. דער פּאָעט אין איר קאָן נישט לעבן אָן ליב־שאַפט־פייער צו אַ מענטשלעך פּנים אָדער חלום. און דעמאָלט ווערט זי אויפסניי אַרומגענומען מיטן יום־טוב פון ערשטן פרילינג, בעת „ס׳האָט מיין הויט דערקענט / די גלוסטונג פון דיין האַנט / דורך דעם געוואַנט / פון מיין קלייד /״ (ז׳ 57), אָדער: „האָסט מיך אויסגעטאָן פון מיין וואָכנדיק קלייד / און מיר אָנגעטאָן דיינע וואַרעמע הענט״ (ז׳ 62).

צו די גאָר שיינע לידער פונעם בוך „אויף יענער זייט באַרג״ וואָלט איך פאַררעכנט אַזעלכע ווי: „מיט דיין אייגענעם חלום״, „זאָג נישט״, „אויף וועלכן וועג״, „אויף דעם וואָס איך וואַרט״, „פון ימיקן געמיט״, „צו מיין ערשטן געוויין״. אין זיי איז פאַראַן וואָרט־לייכטקייט, נאָסטאַלגישע

וויזיע, איינגעשפּאַנט אין חלום פון ייִדישע רייד: „שפּאַן איין דעם חלום / אין ליכטיקע רייד / אַריבער דעם פּאָדעם פון אומעט און פרייד" (ז' 25).

מיר אַלע, וואָס יום־טובן טייל מאָל, אָדער אָבלענען אַרום ייִדיש־יצירה, האָבן נישט געוווּסט (אָדער נישט געמאַכט זיך וויסן), אַז צווישן אונדז בלאָנדזשעט אַרום אַ דיכטערין מיט אַ ריינעם טאָן, מיט אַ קלאָרער, איינגעהאַלטענער ייִדישער טרער. אַזאַ איז, זעט אויס, דער גורל פון די, וואָס זעען בלויז זייער ליד אויפן שטח פון חלום, ביז

אויף יענער זײַט באַרג
פאַרגייט די זון.
וועל איך גיין
אויף יענער זײַט באַרג
און פאַרשווינדן
אין דער זון.
נאָר יעדן פרי
וועל איך צוריק אויפגיין,
זיך אָנצינדן,
אויפשײַנען צוריק — — —

(ז' 49)

איצט, נאָכן אַוועקגיין פון פ. האַלטער, ווערט נענטער און אייגענער איר עזבון. זי מאָנט מיט אירע בלעטער נאָכצוגיין דעם נישט־פאַרווירק־לעכטן חלום פון אַ ייִדישער דיכטערין. לאָמיר אויפסניי דערקענען די פּאָעטישע ליכטיקייט פון אירע דערמאָנונגען אויף יענער זײַט באַרג — הגם די זון איז שוין דאָרט לאַנג אונטערגעגאַנגען.

## בער מאַרק (1908—1966)

# דער אומבאַקאַנטער

דער קומענדיקער היסטאָריקער ווי אויך דער ליטעראַטור־פאָרשער, וואָס וועט וועלן אויפשטעלן אַ געטריי בילד פונעם גייסטיקן ייִדישן קולטור־לעבן מיט זיינע אידעיִשע ראַנגלענישן, געזעלשאַפטלעכע טרייב־כוחות און טראַגישע ייִדישע פאָלקס־נסיונות אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — און בעיקר פונעם חורבן פון פוילישן ייִדנטום אין די פערציקער יאָרן פון דאָזיקן יאָרהונדערט — וועט נישט קענען אַדורכלאָזן, ביים אויפשטעלן די דאָזיקע עפּאָכע, אַזאַ פילפאַרביקע שאַפערישע נאַטור, אַזאַ אַקטיווע, ייִדישע געשטאַלט ווי ס׳איז געווען בער מאַרק, דער היסטאָריקער פון די געטאָ־אויפשטאַנדן און איינצייטיק דער פרעציזער ליטעראַטור־קאָמענ־טאַטאָר און קריטיקער פון דער תקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות און אויך נאָכן חורבן.

בער מאַרק, אַ געבוירענער אין לאָמזשע (1908), אַ זון פונעם מזרחי־עסקן צבי הירש מאַרק, האָט שוין פון די פריִעסטע יוגנטיאָרן איינגעזאַפּט אין זיך אַזוינס, וואָס מיר רופן היינט אָן: „תודעה יהודית״, אַ צילבאַוווסטע ייִדישקייט, מיט אירע מסורהדיקע נאַציאָנאַלע כוחות. די דאָזיקע כוחות־וואָרצלען וועלן אויך נישט וועלקן אין אים יאָרן שפּעטער, אין צייטן פון אידעיִשע איבערברוכן און אין טעג פון שווערע פאָלקס־נסיונות. זיי האָבן עס געהאָלפן אים טראָגן זיין אייגענעם ייִדישן גורל מיט אַ באַהאַלטענער שטאָלצקייט, אָן שאָטן פון בגידה צו נאַציאָנאַלע מקורות — אָבער דאָס אַלץ אין פאַרשלאָסנקייט, אין אונטערגרונט, וואָס איז נישט געווען פריי פון מענטשלעכן צער און פון פּסיכישער צעשפּאָלטנקייט.

פאַראַן צווייערליי גורלות פון שאַפערישע מענטשן: — אַזעלכע, וועמענס לעבן גייט־דורך אָן אינערלעכע קאָנפליקטן און אָן דער שטענ־

דיקער מלחמה מיט זיך. דאָס זענען, בדרך כלל, די, וואָס האָבן ערגעצווו אַראָפּגעוואָרפן פון זייערע אַקסלען, גרינג און אַפילו מיט גאוה, דעם ירושה־באַלאַסט, וואָס ייִדן־דורות האָבן אויפגעזאַמלט. פאַראַן אָבער אויך אַזעלכע שרייבערישע דאַליעס, וואָס טראָגן אין זיך תמיד די אָ אויפגעזאַמלטע ירושהדיקע גייסטיקייט. זייער לעבנסוועג איז אַ פּיינפולער גאַנג צווישן פאַרוואָרצלטער מסורה און נייאַנטשטאַנענע אידעאָלאָגיעס. זייער וועג ווערט אַ שווער, זיגזאַגיש געראַנגל צווישן טליִענדיקן פייער פון נאַציאָנאַלע מקורות — און די נייע ווינטן, וואָס בושעווען קעגן דעם אַלט־ייִדישן פאָלקס־שורש. אַזאַ אָ שאַפערישע נאַטור איז שוין פריִעראויס פאַרמשפּט אויף אַ גייסטיקן דואַליזם, אויף אַ פּסיכישן ריס און צעשפּאַלטנקייט.

בער מאַרק האָט געהערט צום לעצטן טיפּ פון די אָ שאַפערישע מענטשן. ער האָט אָפּגעהיטן, כ׳וואָלט געזאָגט, אין אונטערגרונט, זיין ייִדישע שלימות און מענטשלעכע האַרמאָניע. נאָכן ייִדן־חורבן איז ער געווען ווייט פון נאָכגיין פאַרגליווערטע דאָגמעס אין זיין ערלעך־פּראָגרעסיווער וועלטאָנשויונג. דער טרוקענער דאָגמאַטיזם איז זיך אין אים גאָר גיך צעפאַלן אונטערן דרוק פון די טראַגישע געשעענישן, בפרט בעת ער איז געזעסן ביחידות מיט גאָר נאָענטע, אָדער שרייבער־פריינט, ביי וועמען ער האָט געפונען אַן אַדעקוואַטן אָפּרוף צו זיינע פאַרבאָרגענע מחשבות. אין אַזעלכע „מינוטן פון אמת״ האָט מען באַשיימפּערלעך געקאָנט זען, אַז טאַקע דער אָ פּסיכישער דואַליזם אין זיין איך איז געווען דער מקור פון זיין מענטשלעכן צער. זיינע קורצזיכטיקע בליקן הינטער די אויגנגלעזער האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ ווייכן ייִדישן טרויער. ער האָט דעמאָלט נערוועז געגלעט אויפן קאָפּ דאָס קופּקעלע האָר, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן. דער דאָזיקער פאַקט איז געווען וווילבאַוווּסט נישט בלויז צווישן געציילטע שרייבער אין אַמאָליקן פּוילן.

ב. מאַרק האָט באַלד פון די ערשטע יאָרן נאָך פּוילנס באַפרייונג פון היטלער־יאָך, געזוכט די גילדענע סטעזשקע פאַר זיין פּערזענלעכער און אויך ייִדיש־שרייבערישער וועלט. און הגם, אין פלוג, האָט מען געזען אין אים אַ גאָר געטרייען עפנטלעכן מיטגייער, מיטבויער און דאָגמאַטיקער

פון דער דעמאָלט ייִדיש־קאָמוניסטישער אידעע אין פוילן — האָט ער פונדעסטוועגן אָפּגעהיטן אין זיינע האַרצקאַמערן בסוד־סודות דאָס מסורה־דיקע פּייערל פון אַ וואַרעם, ריין נאַציאָנאַלער פּילבאַרקייט. דאָס איז געווען בער מאַרק דער אומבאַוווסטער, דער אומבאַקאַנטער. אויב דער דאָזיקער שטריך איז ביי אים נישט געווען אַזוי בולט באַלד נאָך דער וועלט־מלחמה, האָט ער אָבער באַקומען מער פולבלוטיקייט און אַ טיפערע באַזיניקטקייט אין זיין פּאַוואַליעדיקער, אידעישער מעטאַמאָרפאָזע אין די שפּעטערע פופציקער יאָרן, נאָכן טויט פון „פּאָטערל פון די פעלקער״.

*

מיר איז נישט איין מאָל אויסגעקומען, ווי אַ שכן אין זעלביקן ווינהויז, אין וואַרשעווער פּראַגע, זיך צוצוהערן צו זיינע רייד און אויפנעמען זיינע מחשבות. ס׳איז געווען לייכט צו זען דעמאָלט וואָס אַזוינס עס טוט זיך ביי אים טיפער פונעם אויבערשטן שטח. דאָס איז געווען בעיקר דעמאָלט בעת ב. מאַרק האָט גערעדט וועגן דער אַנטשטייונג פון דער נייער ייִדי־שער היים אין מדינת ישראל, אָדער וועגן די ייִדישע שרייבער אין סאָ־וויעטן־פאַרבאַנד, אָדער גאָר אויך וועגן די ייִדישע שרייבער, אומגעקומענע אין היטלערישן פוילן. איז ער דאָך געווען אַליין בעת דער מלחמה אַ מיט־אַרבעטער אין אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע — געווען ענג פאַרברידערט מיט אַלע נויטן, ראַנגלענישן און חלומות פון ייִדיש־סאָוויע־טישן שרייבער און אויך מיט די גורלות פון די פּליטים־שרייבער אין יענער תקופה. ביז מיין אַרויספאָר פון פוילן (אָנהייב 1951) האָט זיך ביי מיר (און אפשר נישט בלויז ביי מיר) געשאַפן דער איינדרוק, אַז בער מאַרק טראָגט אין זיך נישט בלויז אַ מין פאַרבאַהאַלטענע, מענטשלעכע באַליי־דיקונג און שווערן צער, מחמת דער פאַרשטויסנקייט פון זיין נאַציאָנאַל געפיל, נייערט ער טראָגט אויך גלייכצייטיק אין זיך די טראַגעדיע פון אַ ייִדיש־שאַפערישן מענטשן, וואָס דער גורל האָט אַזוי און נישט אַנדערש געפירט זיין לעבן. דער דאָזיקער שטריך איז געווען פאַר אַ סך קרייזן אין דעמאָלטיקן פוילן גאָר אומבאַקאַנט. אָבער ב. מאַרק, דער אומבאַקאַנ־טער, איז געווען אייגנטלעך דער גאַנצער און אמתער ב. מאַרק. וואָלט

זיין מענטשלעכער גורל נישט געווען אַזוי אכזריותדיק צו אים, וואָלט ער איצט צווישן אונדז, אין דער בייער יידישער ווירקלעכקייט, וואָס איז באַפרייט פון נאַציאָנאַלער שיפלות, אויך אַליין געוואָרן באַפרייט פון זיין געצוווּנגענער אַנוסימשאַפט. ער וואָלט, גראָד ווי אַנדערע פון זיינס גלייכן, געוואָרן איינער פון די פאַרבלאָנדזשעטע, צוריקגעקומענע גוטע זין, וואָס האָבן זייער אייגענעם גורל שוין ענג פאַרקניפּט מיט דער באַשערטקייט פון זייער אייגן פאָלק אויף דער אייגענער ערד.

ס׳איז גוט באַקאַנט דער געזעלשאַפטלעכער אָפּקלאַנג, וואָס ס׳האָט אַרויסגערופן זיין טראַגיש-פּאַטעטישער על-חטא-רוף בעת זיין אויפטריט אין מדינת ישראל, ווען ער האָט עפנטלעך געבעטן מען זאָל אים מוחל-זיין פאַר „מיספאַרשטענדענישן — מיר זענען פאַרפירט געוואָרן״. (ציטירט פון: „לעקסיקאָן פון דער בייער יידישער ליטעראַטור, פינפטער באַנד, אויפן סמך פון אַ באַריכט פון י. רימון, „קענעדער אַדלער״, מאָנטרעאַל, 12-טער מערץ 1957). דאָס איז געווען אַ שווערער, טראַגישער אַנהייב פונעם פינאַל, וואָס האָט צעבראָכן ביי אים און ביי פיל אַנדערע די לעצטע אידעיִשע בריק פון אַ וועלט, וואָס האָט חרוב-געמאַכט דאָס יידישע לעבן און צעאַשט די גייסטיקייט פון די יידן אין פוילן — און נישט בלויז פון די פוילישע יידן אַליין. דאָס איז געווען דער אַנהייב פון דער טיפער דעמערונג, וואָס האָט געלויערט אויפן לעצטן טראָפּן ליכט פון אַ דור טרוימער און גלייביקע. די נאַכט האָט זיך אָנגערוקט פּאַוואָליע און מיט אכזריות איבערן רעשטל ניצול-געוואָרענע יידן אויך אויף דער פוילישער ערד — אַ נאַכט פון גרויל, אימה און יידן-שנאה.

*

ב. מאַרק האָט זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אָנגעהויבן מיט קריטישע אַרטיקלען (1926) וועגן יידישע שרייבער. ער האָט אין די שפּעטערע יאָרן פאַרעפנטלעכט זיינע אַרבעטן אין אַ גרויסער צאָל יידישע און אויך נישט-יידישע פּובליקאַציעס. אָבער זיין באַליבטסטע טעמע איז לאַנגע יאָרן בעיקר פאַרבליבן יידישע געשיכטע, די חורבן-תקופה און די סאָציאַלע אויפטרייסלונגען מיט זייער השפעה אויפן יידישן לעבן. ווי אַ היסטאָריקער

פון דער אומקום־תקופה האָט ער זיין באַזונדער אָרט ווי אַ פאָרשער פון די געטאָ־אויפשטאַנדן אין וואַרשע און ביאַליסטאָק. ב. מאַרק איז געגאַנגען מיטן מאַרטירער־וועג פון די אונטערגרונט־גיבורים. ער האָט זיי באַגלייט מיט זיין פעדער ווי איינער פון זיי. טייל פון זיינע ווערק זענען איינציק אויף דעם געביט און זענען דערשינען אויך אין העברעיִש, ענגליש, שפּאַניש, טשעכיש, פּאָרטוגעזיש, דייטש. אין די ביכער וועגן די געטאָ־אויפשטאַנדן זענען טיילמאָל פאַראַן אַזעלכע אָפּשאַצונגען און באַלויכטונגען, וואָס זענען נישט תמיד אַדעקוואַט מיט אונדזער ייִדיש־נאַציאָנאַל קוקווינקל. אָבער נישט געקוקט אויף זייער קריטישער טענדענציעזקייט — בלייבן זיי דאָך אַ זעלטענער מקור פון אינפאָרמאַציע פאַרן פאָרשער פון יענער תקופה. דער היסטאָריקער וועט אין זיי געפינען, אַחוץ אינפאָרמאַציע, אויך אַן עכאָ פונעם העראָיִשן נאַציאָנאַלן געראַנגל, וואָס די ייִדן־אויפשטענדלער האָבן געפירט און אַריינגעשריבן זייער בלוטיק קאַפּיטל פון קרבן און גבורה אין דער געשיכטע פון אונדזער מאַרטיראָלאָגיע.

אַ גאָר באַזונדער אָרט אין ב. מאַרקס שריפטשטעלערישער אַרבעט פאַרנעמט די פאַרהעלטנישמעסיק גרויסע צאָל ליטעראַריש־קריטישע עסייען און אָפּשאַצונגען וועגן שרייבער און ביכער. זיי זענען געבויט בעיקר אויף סאָציאַלע ריכטליניעס, אָבער אויך דאָס נאַציאָנאַל־ווירדיקע ווערט אין זיי קיינמאָל נישט פאַרטושט. אין די דאָזיקע אַרבעטן האָט ב. מאַרק אַרויסגעוויזן אַ סובטעלע אַנאַליז־באַהאַוונטקייט און אַ וואַרעמען פּיעטעט פאַרן בעסערן ייִדישן ליד און פאַר דער קינסטלערישער נאָוועלע — און דאָס ווידער בעיקר — וועגן די געטאָ־שאַפונגען. בעת ב. מאַרק שרייבט וועגן דער חורבן־תקופה ווערט זיין פעדער באַפרייט פון אַנגסט און אַנוסים־שאַפט. זיין שרייבן אויף דער דאָזיקער טעמע איז אַ מין ווייטיקלעכע קינה, וואָס פאַרדעקט נישט דעם מחבר'ס נאַציאָנאַלע וואָרצלען פון ייִדישער גייסטיקייט. זי באַגלייט די שווערע גורלות פון די ייִדישע שאַפערס און באַליכטיקט זייער גרויסן גייסטיקן אָנשטרענג אין דער היטלער־נאַכט. די ייִדישע ליטעראַטור, ווי אַ גרויסער נאַציאָנאַלער קנין, איז געווען אויך זיין אייגענער קנין — אַ פאַרמעג, וואָס ער האָט געקאָנט פריי, מיט אַן אָפן פּנים און כמעט אָן שרעק, זאָגן זיין אייגן ליטעראַריש וואָרט

און זיך אַליין גופא וואַרעמען מיטן האָב־און־גוטס פון דער ייִדישער יצירה.

ס׳וואָלט דעריבער געווען פון באַזונדערער וויכטיקייט ווען ס׳ווערן צונויפגעזאַמלט אויך זיינע אַלע ליטעראַריש־קריטישע אַרבעטן און אַרויס־געגעבן אין בוך־פאָרעם. זיי וואָלטן אַנטדעקט אַחוץ ב. מאַרק דעם היס־טאָריקער פון די געטאָ־אויפשטאַנדן אויך דעם ליטעראַטור־קריטיקער, פאַר וועמען דאָס יצירהדיקע ייִדישע וואָרט איז געווען פון גרויסער נאַציאָ־נאַלער חשיבות.

אָבער — כדי צו באַקומען דעם אמתן שרייבערישן און מענטשלעכן פּראָפיל פון ב. מאַרק איז אַחוץ די דערשינענע ווערק בעת זיין אַנוסימ־שאַפט אויך נייטיק צו דערקענען ב. מאַרק שבעל פּה, ב. מאַרק דעם אומ־באַקאַנטן. זיינע מיטצייטלער וואָלטן זיכער געקענט צוטראָגן מער פּרטים וועגן זיין לעבן און שאַפן. דעם דאַזיקן חוב זענען מיר שולדיק נישט בלויז דער אלמנה, נייערט אויך דער ייִדישער געשיכטע־פאָרשונג פון דער טראַ־גישער נאַצי־תקופה.

אויספירנדיק די פונקציע פון סעקרעטאַר ביים ייִדישן שרייבער־פאַראיין אין נאָכמלחמהדיקן לאָדזש, בעת בער מאַרק איז געווען זיין פאָר־זיצער, איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען צו זיצן מיט אים ביחידות ביים באַהאַנדלען לויפנדיקע ענינים. אָבער נישט איין מאָל איז מען אַראָפּ פון די ,,אָפיציעלע" רעלסן. דעמאָלט, אונטער פיר אויגן, האָט זיך פאַר מיר ערשט אַנטפּלעקט אַ גאָר אַנדערער ב. מאַרק, אַ מענטש לחלוטין אַן אומבאַקאַנטער פאַר דער ברייטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, אַן אַנו־סימדיקער שרייבער, אַ מענטש, וואָס פלעגט תמיד האַלטן זיינע אויערן אויפגעשפּיצט מיט חשד צו דער טיר. פון הינטער די ברילן־גלעזער האָבן דעמאָלט זיינע אויגן, מידע און אומרויִקע, געהאַט אַ טריבע פייכטקייט פון ייִדישן צער און עצבות.

אומפאַרגעסלעך פאַר מיר איז דער לעצטער טאָג פון מיין פאַרלאָזן פוילן. ווי שוין דערמאָנט זענען מיר געווען נאָענטע שכנים אויף קאָנאָ־פּאַצקע 16, פּראַגע. ס׳איז געווען דעמאָלט אַ ווינטערדיקער, קאַלטער יאַנואַר־פאַרטאָג 1951. פאַרן פענצטער, אויף די פּראַגער גאַסן, האָט

געפּרישעט אַ דינער פּוילישער שניי. דער לעצטער געזעגענונג־שניי אין פּוילן אין טאָג פון מיין שיידונג מיט אַלץ. די ערשטע פּראַגער טראַמווייען האָבן געשניטן די רעלסן מיט אַ קריציק געוויין. ס'איז נאָך געווען פינצ־טערלעך. די לעצטע נאַכט פון פאַרלאָזן דאָס געבוירנאָרט — איז תמיד די טרויעריקסטע, שלאָפלאָזע און שווערסטע. ווי אַזוי נעמען אָפּשייד פון אַזוי פיל קברים, וואָס מען לאָזט הינטער זיך — און פון אַזוי פיל פנימער און געשטאַלטן — אָן קברים?

אין יענעם האַלב־פינצטערן שנייִיקן באַגינען האָב איך פלוצים דער־הערט אַ שטיל קלאַפּן אין דער טיר. ווער קאָן עס זיין אַזוי פרי? צי איז מען נישט אַמאָל געקומען צוריקנעמען פון מיר די אַרויספאָר־דערלוי־בעניש? מיט שרעק האָב איך געעפנט די טיר.

אויף דער שוועל, אין דער האַלב־פינצטערניש, איז געשטאַנען אַ בלייכער און האַלבאַנגעטוענער — בער מאַרק. מיט אַ פאַרלוירענעם שמייכל האָט ער מיר דערלאַנגט אַ בוך. דאָס איז געווען די פּוילישע איבערזעצונג פון בערנאַרד קעלערמאַנס אָקופּאַציע־ראָמאַן „דער טויטן־טאַנץ". פאַרשעמטערהייט האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף זיין דעדיקאַציע אין בוך און מיט האַלבע, צעבראָכענע ווערטער האָט ער געפּליסטערט:

— נעמט עס... אַ געזעגענונג־מתנה... אפשר... ווער ווייסט... מע קאָן גאָרנישט וויסן... גיט־אָפּ אַ גרוס צו אונדזעריקע... פאַרט געזונט...

און ער איז גיך אַראָפּ מיט די פינצטערע שטיגן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט, צען יאָר נאָכן טויט פון דאָזיקן מענטשן, שטייט נאָך זיין געזעגענונג־מתנה אויבנאָן אין מיין ספרים־שאַנק: אַ סימבאָל פון טראַגיזם און טרויעריקער דערמאָנונג. אפשר האָט ער געוואָלט מיט זיין געזעגענונג־מתנה — דעם מלחמה־ראָמאַן און די גילגולים פון אַ ייִדישן געלערנטן אין דייטשישן רייך — געבן מיר אַ רמז אויף פון זייִנע אייגענע יסורים און גילגולים? זיין גרוס האָב איך דעמאָלט, אין די פופציקער יאָרן, נישט געהאַט וועמען איבערצוגעבן אין מיין נייער ייִדישער היים. וואָרעם —

פון וועמען האָב איך געזאָלט ברענגען דעם גרוס: פון אַ פרעמדן? פון אַן אויסבאַהאַלטענעם, פון בער מאַרק — דעם אומבאַקאַנטן?

און אַז כ׳הייב אויף די אויגן צו דער דאָזיקער מתנה אין מיין ספרים־שאַנק, זע איך אים נאָך איצט, אַ פּערטל יאָרהונדערט נאָך יענע טעג, ווי ער שטייט אַביסל פאַרשעמט אויף דער שוועל אין דער האַלבער פינצ־טערניש און ער פליסטערט:

— נעמט עס... אַ געזעגענונג־מתנה... אפשר... ווער ווייסט... מען קאָן גאָרנישט וויסן... גיט אַ גרוס צו אונדזעריקע...

טו איך עס איצט — אין זיין צענטער יאָרצייט — ווי אַ חוב און ווי אַ מצווה. זאָל עס זיין אַ חסד־של־אמת־טאַט לזכרון פונעם שרייבער בער מאַרק, דעם טראַגישן ייִדן פון אַ טראַגישער עפּאָכע, פון בער מאַרק דעם אומבאַקאַנטן מענטשן פון אַ גרוייליקער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט.

1976

## מאיר ווייסגאַל (1977—1894)

# די ביאָגראַפיע פון אצילות

מאיר ווייסגאַל: ...עד כאן, אויטאָביאָגראַפיע, העברעיש. פאַרלאַג וידנפלד וניקלסון, ירושלים, 1972. איבערגעזעצט פון ענגלישן כתב־יד — חיים גליקשטיין.

איינע פון די צום מערסטן קאָמפּליצירטע שאַפונגען אין דער ליטע־ראַטור איז געווען און אויך פאַרבליבן דער איכפּאַרטרעט, די קינסטלעריש־געשילדערטע אויטאָביאָגראַפיע וואָס אַ מחבר גיט אונדז. מיר דאַכט זיך אַז אָנשרייבן אַ ראָמאַן איז לייכטער ווי מאָלן אַ געטרייען ביאָגראַפישן איכפּאָרטרעט, אָדער אַזאַ היקפּדיקע אויטאָביאָגראַפיע וואָס זאָל זיך אויך קוואַליפיצירן ווי ריינע יצירה. אומצאָליקע שטרויכלונגען זענען עלול צו צעשטערן די פיינסטע שרייבערישע מאָזאַיִק אין אַן אויטאָביאָגראַפיע — אויב ס׳איז נישט פאַראַן נאָך עפּעס אַזוינס, וואָס שטייגט איבער יעטווידן ליטעראַריש־שריפטלעכן רייץ, דהיינו, דאָס אינטים־פּערזענלעכע און גרויס־מענטשלעכע, דאָס נאַקעט־הומאַנע און אָפנהאַרציקע — דער שטראַלנ־דיקער, שיינער אמת — אַנטקעגן דער קינסטלערישער פיקציע.

נישט אַן כּוונה עפנט מאיר ווייסגאַל זיין בוך מיט דעם ציטאַט פון ווינסטאָן טשערטשיל: „דער איינציקער שוץ אויפצוהאַלטן דאָס געדע־כעניש פון אַ מענטש איז דער יושר פון זיינע מעשׂים און זייער אויפריכ־טיקייט". פרעגט זיך: וואָס אַזוינס מיינט אויפהאַלטן דאָס געדעכעניש פון אַ מענטשן? וואָס אַזוינס איז ראָוי אָנגערופן צו ווערן: די ביאָגראַפיע פון גרויסע מעשׂים און אַצילות? דאָס איז, לדעתי, דאָס באַזונדער־מענטשלעכע, דאָס איינזאַם־העראָיִשע, דאָס אויפטועריש, דעמאָלט בעת דער מענטש פאָרעמט מיט אייגענעם תּוכן נישט בלויז זיין יחידישן לעבנס־גורל, נייערט ער איז אויך אַ געשטאַלטיקער פון זיין נאָענטער סביבה, אַ

פאַרווירקלעכער און אויספורעמער פון די אין פלוג אומרעאַלע פאָלקס־חזיונות: דעמאָלט, בעת זיינע אייגענע חלומות געפינען די האַרמאָנישע לעבנסראַם אין אַ בליִענדיקן שטח פאַר אַזאַ רעאַליטעט, וואָס וועט שפּע־טער ווערן אַ שותּפות פונעם פאָלקס גאַנצן גייסטיקן אָנשטרענג. דאָ קומען זיך תּמיד צונויף אַזעלכע אַטריבוטן, וואָס טראָגן אין זיך די פאַר־זיגלטע דורותדיקע שיינקייט פון דער יצירהדיקער פאָלקס־נשמה, איר בלאָנדזשען און געראַנגל, ביזן פולן נצחון צווישן חלום און וואָר, ביזן ליכטיקן אויפשפּראָץ פון דער טוונג און דעם ווערק. די אַ טראַדיציאָנאַלע כּוחות שאַפן פּלוצעם די ייִדיש־גייסטיקע שלמות, די מקורותדיקע טיפקייט, די פולע וועלט פונעם פאַרשטויסענעם הומאַניזם און ס׳פינקלען ווידער אַזוי קלאָר, נאָך אַלע חורבנות, די גרויסע ווערטן פונעם עלנטן יחידישן שאַ־פערישן ייִדן.

דער מחבר מאיר וויסגאַל שטאַמט פון קיקל. ס׳קען אויך זיין: יעהו־פּעץ, קאַסרילעווקע, וויטעבסק, וואַרשע, פלאָצק, די בראָנקס אָדער ווייַט־שעפּל. פאַראַן אין אונדזער גורל אַ געאָגראַפישע ייִדישע עלנט, אָבער איינציייטיק אָן אַלוועלטלעכער נישט־געאָגראַפישער חלום. זיי טרעפן זיך צונויף פּאַראַלעל ערגעץ צווישן די געקרייצטע גרענעצן אויף די גלות־טראַקטן פון אונדזער ייִדיש לעבן אין יעדן יאָרהונדערט. פון אַזאַ אַטמאָס־פער קומט דער מחבר — דאָס בויטקינד פון קיקל. דורך אים איז געקומען צום אויסדרוק דער שיינער התגשמות־קערן פון אַ גאַנצן דור איידעלע, גייסטיקע בטלנים, מיט אַ שמץ פון גאונישקייט, ביי וועמען דאָס פייער פון דער פאָלקס־נשמה איז נישט אויסגעגאַנגען מחמת דלות, נויט, הונגער און קעלערשטוב. פון טיפן קעלער — זאָגט ערגעץ גאָרקי — זעט מען צום שענסטן דעם זונאויפגאַנג. מאיר וויסגאַל, דאָס אָרעמע בחורל פון קיקל, דער זון פון שלמה־חיים דעם חזנס, האָט אויך מן־הסתּם פון דער קיקלער בויט־טיפעניש געזען ווי שיין די זון גייט אויף. קיקל וועט ווערן אַ וועלט־באַגריף, דער סינטעז צווישן ייִדס געפאַנגענעם שווערן ערדישן לעבן און זיין אָדלערישן הימלפלי, אַזוי רייך אין נצחונות. די זון האָט דעם מחבר אַרויסגעפירט פון קיקלער אָרעמשאַפט און קעלער־געפענקעניש, כּדי פאַר אים צו אַנטפּלעקן אַ גאָר נייע ערד, אַ גאָר נייעם שטערנפולן הימל, ווו

די שענסטע רעיונות און אומוואַנדלונגען וועלן באַקומען זייער געשטאַל־טיקונג אין אַצילותדיקע מעשׂים און שטרענגער ייִדישער הומאַנישקייט.

*

ביים לייענען מאיר ווייסגאַלס אויטאָביאָגראַפיע פירן אונדז אַוועק די מחשבות צו פאַרשיידענע שטחים. ס'איז נישט גרינג אין אַ קורצער אָפּ־האַנדלונג אַרומצונעמען אַלע 26 קאַפּיטלען, זייער זעלטענע עשירות פון פּראָבלעמען, באַגעגענישן מיט פּירנדיקע פּערזענלעכקייטן, געשעענישן היסטאָרישע, נאַציאָנאַלע און אינדיווידועלע, וואָס האָבן אַחוץ זייער באַ־ראַטיוון רייץ אויך דעם וואַרעמען הויך פון מאָראַלישער וואָגיקייט אינעם אויספורעמען אונדזער נאַציאָנאַלע באַשערטקייט. דאָס וואָס האָט מיך פאַר־זענלעך געריירט ביים לייענען דאָס ווערק — און איך וועל עס פּרווון ברענגען צום אויסדרוק — איז בעיקר די ריין־נאַראַטיווע זייט פונעם בוך, דער אופן פון סיפּור־המעשׂה און דער אופן פון מאָדעלירן געשטאַלטן און יענע אַלע געשעענישן, וואָס זענען דעם מחבר געבליבן פאַרוואָרצלט אין זכּרון פון די ערשטע ייִנגלשע יאָרן אין קיקל. מיר קומען דאָ אַריין אין אַ מין דיקענסישער אַטמאָספער פון דייוויד קאָפּערפילד און אין אַן עמאָציאָנעלער קלאָרקייט, געשילדערט מיט טיף־הומאַניסטישע אַקצענטן. זיי פאַרמאָגן אַ קינסטלעריש געוועב אין דעם אופן פון באַשרייבן אַ טיפּ, אַ פּאַסירונג, וואָס די צייט האָט שוין לאַנג פאַרוועלקט זייער לעבעדיקן זוימען. פאַראַן אַ ספּעציפיש־ייִדישע נאָסטאַלגיע, אַ ווייכער עלעגישער ציטער. לירישער ווי און קינסטלערישע פּשטות פאַרקניפּן זיך אין זייער וואַרעמער האַרציקייט פונעם ערשטן ביזן לעצטן קאַפּיטל.

„די אָדיסעע מיינע אין שריפט", ווי דער מחבר רופט אָן זיין אויטאָ־ביאָגראַפיש ווערק, איז פול מיט באַשרייבונגען פון דעם אַ מין. אומצאָליקע אָבסערוואַציעס, אָנהייבנדיק פון אַרעמען קיקל בעתן אויפוואַכן פון זיין ערשטן ייִנגלשן באַוווסטזיין ביז צו דעם קיניגרייך אין רחובות — דער־ציילן אונדז זייער פיל וועגן מחבר גופא, וועגן דעם וואָס דער פראַנ־צויז מאָנטיין רעדט אין זיין אומשטאַרביקער עססיי־מעדיטאַציע: „ווען אפילו מיר זאָלן ווערן פּיקחותדיקער פון אַנדערע — קענען מיר אָבער

באמת תּמיד קלוג זיין בלויז מיט אונדזער אייגענער חכמה". קיקל און דער מחבר זענען קלוג ביז טרערן. פונעם שרייבערס מויל טראָגט זיך טאַקע די אַ אומבאַפלעקטע חכמה, דער ייִדישער עלעגישער פאַרשטאַנד, וואָס האָט זיך אויסגעגליט און אויסגעהאַמערט אויף די אייזערנע קאָוואַד־לעס פון ייִדישן שווערן גורל. יעדע זעלישע טראַומע בעת דער קיקלער ייִנגלשאַפט באַקומט שפּעטער דעם אַדעקוואַטן אָפּהילך אין די מעשׂים, וואָס זענען האַרמאָניש־פול און שלמותדיק־גאַנץ מיט עמקותדיקער ער־לעכקייט. דאָ קומען זיכער צו הילף דעם מחבר די גערירשנטע אַצילותדיקע שיינע מידות, וואָס די קיקלער שטוב, דער טאַטע דער חזן, די פּרי־פּאַר־שטאַרבענע מאַמע, שפּעטער די שטיפמאַמע, די ברידער און שוועסטער, די פעטערס — און גאַנץ קיקל — זענען קיין מאָל נישט פאַרשוווּנדן, נישט פון זיינע שפּעטערדיקע רעיונות און נישט פון זיין גערירשנטער און איי־גענער לעבנס־חכמה. די ביטערע, טראַומאַטישע לעבנס־נסיונות זענען געוואָרן דער זויערטייג, וואָס דער מחבר, ווי יעדער ערלעכער בעל־יצירה, קנעט אויס פון אים זיין לעבנסווערק. די נסיונות, געפּילטערטע און אויס־געפּרעסטע ווי גוטע ראָזשינקעס אין זיין שוין צייטיקן עלטער, פירן דערצו, אַז דער געשלאָסענער קרייז פון ייִדישער עלנט ווערט איינגע־בראָכן. גראַד אַזוי ווי מאַרסעל פּרוסט האָט געפונען די פאַרלוירענע צייט אינעם אויפשטעלן זיין גרויס־קינסטלערישן בנין — אַזוי האָט דאָס אָרעמע קיקלער ייִנגל מאיר־וועלוול צוריק אָפּגעפונען די פאַרלוירן־געגאַנגענע קיקלס אין די אַלע בנינים וואָס ער האָט שפּעטער אויפגעשטעלט. דער קרייז פון ייִדישער עלנט איז געוואָרן איינגעבראָכן. קיקל האָט זיך אויפ־געהויבן העכער איבער יעטוועדער קאָנקרעט־רעאַלער ייִדישער געפאַנ־גענשאַפט. דאָ לייכטן שוין אַרויס די אומפאַרלעשלעכע ליכטער פון ייִדיש־מענטשלעכן נצחון. דער מחבר שטייט זיגעריש פאַר זייִנע מעשׂים אָבער אָן גאַווהדיקער תּכליתדיקייט. דאָ איז קענטיק שוין דער בולטער רעגיאָן פון לויטערן גייסט, וואָס ווייסט נישט פון קיין גרענעצן. די זעלביקע גרענעצן וואָס האָבן אַזוי אַנגסטיק אויפגעהאַלטן יעטוועדן שינוי — זענען זיך שוין לאַנג צעפאַלן. איבער דעם פאַרפלאָסענעם אַקטיוון, מיפולן לעבן פון מחבר גייט אויף די שלווה פון דערפילונג ווי פון אַ חלום, וואָס איז

געוואָרן אַ ממשות און אַזאַ ממשות, וואָס האָט אין זיך די קאָנטורן פון אַ חלום.

פאַראַן ביים מחבר אַ פּנימיותדיקע האַרמאָנישע געזעצלעכקייט ביים אַרויסרופן אויף ס'ניי די צייט־געשעענישן און די פיל פּערסאָנאַזשן, נאָך איידער זיי באַקומען פון זכרון די נאַראַטיווע, שריפטלעכע פאָרעם. מ. ווייסגאַל איז נישט קיין עפּיקער אין דעם זינען, אַז דאָס דערציילערישע זאָל אים דינען דורכויס פאַר גרונטפעסטיקן זיין לעבנס־יצירה. ער איז אָבער יאָ אַ גוטער נאַראַטאָר מיטן אַריינטריפן שוין אַפּריאָרי דעם גוטן רויזן־טראָפּן פון פּיקחותדיקער שמועסעריי און פון יידישער דערציילעריש־קייט. בעת דער סעלעקציע פונעם חומר, ווייסט ער וואָס אַזויגס נישט צו דערציילן און וואָס אַזוינס עס שמועסט זיך שאַפעריש אַליין. דאָס אַלץ פליסט ביי אים ווי אַ נאָר פאַר זיך אַליין אונטערגעהערטער ניגון. אפשר האָט טאַקע זיין ייִנגליש אַמאָליק שיין קול געהאַט אין זיך דעם ווייכן טעמבער פון זיין שפּעטערדיקער מענלעכער נאַראַציע. דער אַ ניגון קומט צום אויסדרוק שוין לאַנג פריִער, פאַרן געשריבענעם און דער דאָזיקער ניגון איז פול מיט האַרמאָניע, עלאַסטישן קלוגן הומאָר און איידעלער פאַרטרוימטקייט.

פאַר מאיר ווייסגאַלס לעבנס־מעשים וואָלט מען געקענט באַנוצן זשאַן פּאָל סאַרטערס אַ פאָרמול, וואָס זאָגט, אַז דער מענטש באַשטייט פון: עקאָנאָמיע פלוס קינדהייט. איך בין נישט זיכער צי ביים דורכפירן זיינע מעשׂים־טובים־אַקציעס — די אַ עקאָנאָמיע אויף אַזוי פיל שטחים — האָט ער לגמרי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם באַלאַסט פון זיין שווערער קינדהייט און יוגנט. להיפך: מיר קומט אויס אַז זיינע אַלע חלומות וואָס האָבן זיך שפּעטער פאַרקערפּערט אין די רעאַלע, שיינע בנינים, האָבן אים געפירט צו נצחונות נאָר מחמת דעם, וואָס ער איז געוואָרן געפירט דורך דער אומזעעוודיקער גורלדיקער האַנט פון זיין קיקלער קינדהייט־חלום.

דער מחבר פון עד כּאן געדענקט נישט זיין מאַמע, וואָס איז פרי גע־שטאָרבן. דערפאַר אָבער איז דאָס בוך פול מיט דער טאַטע־געשטאַלט, שלמה־חיים דער חזן, אַן אָפּשטאַמיקער פון רבנים, געהאַט סמיכה אויף רבנות פון ר' שיִעלע קוטנער און וואָס זיין לעבן איז אַדורך צווישן חזנות,

מוזיק און הייליקע ספרים. דאָס שיינע ייִנגלשע קול און זיין התמדה האָט דער מחבר אַוודאי געירשנט פון דעם וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געטראָגן אין זיך די פאַרבאָרגענע בענקשאַפט נאָך נגינה. וועגן זיך אַליין זאָגט דער מחבר (ז׳ 14), אַז ער איז געווען געבענטשט ייִנגלוויז מיטן טאַלאַנט פון אַ דערציילער און פון אויסטראַכטן מעשׂיות, בעת די קינדער פון שולהויף פלעגן פאַרכאַפּטע זיך צוהערן צו זיינע אויסטראַכטענישן וועגן אַמעריקע, וווּהין דער פאָטער האָט אויסגעוואַנדערט. אינעם סאַמע אויסטראַכטן אין אַזאַ פריִער עלטער די דעמאָלטיקע נסים־מעשׂיות ליגט שוין אַליין דער זיסער קערן פונעם שפּעטערדיקן רייפן און עלטערן שמועסער־דערציילער מאיר ווייסגאַל. ס׳איז ניכּר אויף יעדן זייטל די פּסיכישע סענסיוויטעט און געשפּאַנטע נאַראַטיווע באַוועגונג, וואָס פירן אים צו שעפערישע אימ־פּולסן־מעשׂים. אַזוי אַרום באַקומען זיינע אויטאָביאָגראַפישע בלעטער אַן אָפּטימיסטישן קאָלאָריט פון מענלעכער ייִדישער פּיקחות, באַגלייט פונעם שטילן, כּמעט שלום־עליכמשן עלעגישן הומאָר. אַלץ ווערט דורך אים גע־פורעמט מיט מיטלען וואָס באַלייכטן גוט, אין קאַרגע ווערטער, די גע־שילדערטע געשטאַלטן און קאָנפליקטן. זיי שאַפן דעם לירישן געוועב, די געפיל־וואַרעמקייט און די באַגלייטנדיקע מאָראַלישע וויבראַציעס. זיי זענען עס אויך אין בוך די פעסטע גרענעצן פון זיין „האַנדלען און וואַנד־לען". דער מחבר דערפילט שוין גאָר פרי אַז די דאָזיקע גרענעצן זענען זיינע און ער טאָר זיי נישט פאַרלאָזן. ער פאָרמירט זיינע לעבנסטעג אין האַרמאָנישן איינקלאַנג מיט דער קלוגער סענטענץ פון אַנדרע מאָרואַ: „דער מענטש ליידט אַ מפּלה, אויב ער גייט אַריבער זיינע אייגענע גרע־נעצן. דער מענטש דאַרף זוכן זיין באַשטימונג אין טוּונג, וואָס זי איז די העכסטע מענטשלעכע באַדערפעניש. די גוט דורכגעטראַכטע טוּונג איז נישט ווייט אויך פון עטישע כּוחות און זי מאַכט אונדז תּמיד גליקלעך".

איידער דער מחבר וועט אָנקומען צו זיין באַשטימונג — צו די גוט דורכגעטראַכטע מעשׂים — וואָס ווערן סטימולירט ביי אים דורך עטישע כּוחות, וועט ער פריִער פאַר אונדז אַדורכפירן אין זיין בוך אַ רייכע און קאָליריקע גאַלעריע פון מענטשן. די אַלע באַשריבענע געשטאַלטן עטעמען מיט קלאָרע הומאַניסטישע טענדענצן. אָט, למשל, בלויז אַ קאַרגער אָפּ־

קלייב פון די באַשריבענע געשטאַלטן: די שיינע שטיפמאַמע־געשטאַלט לאַדזיאַ די רעוואָלוציאָנערקע, וואָס פון אירע קליידער ווערן געמאַכט מלבושים פאַרן יונגן מאירל — זי איז פול מיט אַן אינטעלעקטועלן רייץ אין אירע אויסטערלישע מעשׂים אין קיקל, ביזן שרייבן אַפילו לידער נאָכן עמיגרירן קיין אַמעריקע; דער פאָטער, שלמה־חיים דער חזן, אַ שאַרף אויסגעסקולפּטירטע געשטאַלט מיט זיין יידישן גורל־אומרו, וואָס זיצט שבעה נאָך הערצלס טויט; דער גבירישער פעטער געצל מיט זיינע לידיקע שטאָלן; דער ברודער לייבוש „דער אויסגעפינער"; דעם פרעמדן חזנס ווייב, וואָס ראַטעוועט אונדזער העלד נאָכן פלוצעמדיקן פאַרלירן זיין קול דווקא ערב די ימים־נוראים (די אַ שילדערונג אַליין איז אַ פאַרגליווערט טרערן־פּערעלע); דער אָפּגעקומענער גויִשער גביר־הוליאַקע פרוזש־מאָווסקי, אַנגעטאָן תמיד אין פראַק, באַגלייט מיט אַ כאַפּטע הינט און ווייל ער האָט נישט צו צאָלן דירה־געלט, באַוווינט ער אַ פּאַציאַטקע־חדרל; די שיין באַשריבענע סצענע אויף דער עמיגראַנטן־שיף, בעת דער יונגער מאיר־וועלוול, וואָס פאַרט אויפן סאַמע שיפדעק, פאַרבלאָנדזשעט אין דער ערשטער קלאַס, ווו אַ זקנה איז אים מכבד מיט אַ מאַראַנץ און דאָס קיקלער ייִנגל, וואָס האָט קיין מאָל אַזאַ פרוכט נישט געזען, עסט אויף דעם מאַראַנץ צוזאַמען מיט דער שאָל; די הונגעריקע אורחים־וואַנדערער, וואָס קומען אין זייער אָרעמער קיקלער שטוב און גייען אַוועק זאַטע פון כיסל צוגעגאָסענער וואַסערזופּ, וואָס די שטיפמאַמע לאַדזיאַ פלעגט זיי איידל צוטראָגן. מיט וואָסערע שווערע נסיונות איז דאָס ייִנגיטשקע בחורל נישט געפּרוווט געוואָרן שוין אין די ערשטע יאָרן נאָך זיין קומען אין אַמעריקע! ער איז געווען אַ פאַרקויפער פון שוועבעלעך און פליגן־פּאַפּיר, אַ פישרייניקער אין אַ געוועלב, אַ שיקייִנגל ביים פונאַנדערטראָגן שאַרפע משקאות — אַ רייכע פּאַנאָראַמע געשעענישן, פון וואַנען ס'לייכט אַרויס דעם העלדס וועלט פון זיין אָרעמער ייִדישער ייִנגלשאַפט.

און שפּעטער — דער אויסגעשפּרייטער, קאָליריקער פעכער פון באַגע־גענישן, פּאַסירונגען און צוזאַמענטרעפן מיט אַ גרויסער צאָל אָריגינעל־שאַפערישע ייִדישע פערזענלעכקייטן. פון צווישן די גאָר אינטערעסאַנטע באַגעגענישן דאַרף ספּעציעל אַרויסגעהויבן ווערן דער צוזאַמענטרעף, וואָס

דער מחבר האָט אָרגאַניזירט צווישן שלמה מיכאָעלס און מאַקס רייני־האַרדט אין סאַמע מיטן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה (1943), א צו־זאַמענטרעף וואָס איז ביז איצט, ווי דער מחבר גיט איבער, אין ערגעץ נישט דערמאָנט געוואָרן און וואָס וואַרפט, דרך־אַגב, אַ טרויעריק ליכט אויף דער טראַגעדיע פונעם סאָוועטישן ייִדנטום.

*

אויב אין די גאָר פרי‍ִע יאָרן האָט מאיר־ועלוול זיך באַנוגנט אין זיין ייִנגלשאַפט בלויז מיט קלאָרן ברונעם־וואַסער כדי צו שטילן זיין דאָרשט — האָט ער בעת די רייפערע יאָרן פון זיין לעבן שוין געזוכט בלויז די באַהאַלטענע קוואַלן. די ערשטע קיקלער טרוימען האָבן באַקומען די מע־טאַמאָרפאָז־אויפלייזונג אין זיינע מעשׂים, הגם ערגעץ ווו האָט די רייפע מענלעכע פסיכיק נישט אַרויסגעלאָזט פון אירע געהיימע קאַמערן דעם שם־המפורש וואָס ביי אים מיינט עס: קיקל. דאָס פאַרוואָרפענע קיקל איז געוואָרן דער אומאויסשעפּלעכער רוח־החיים, דער שטיל־פּאַרטרוימטער, זיסער און אייביקער קוואַל וואָס וועט שטילן זיין שאַפערישן דאָרשט אין אַלע שפּעטערדיקע אומגעוויינטלעכע מעשׂים. דער אָרעמער גאָט פון עלנטן קיקל האָט געגומען אויסשפּרייטן אַ סך חסד אויף אַלע וועגן ווו נאָר מאיר־ועלוול האָט אַוועקגעשטעלט זיין טראָט. און דאָרט ווו דער שוין רייפער מאיר ווייסגאַל האָט זיך אָראָפּגעבויגן צו אָן איין מאָל אַנטפּלעקטן קוואַל אין דעם וועלט־מידבר — דאָרט האָט זיך באַלד אויף אַנגעזען די פולע ברכה פון בלי‍ִעכץ און שניט. וואַרפן זוימען, גוט פּילעווען בלי‍ִעכץ און דערנאָך זען דעם חסד פון שניט — דאָס איז געוואָרן שפּעטער דעם קיק־לער ייִנגלס גורל. ער האָט, דאַכט מיר, קיין מאָל נישט געהאַט דאָס געפיל פון עד כּאן עס זאָלן נישט אויף ס'ניי זיך באַלד באַווייזן אין זיין דמיון נייע קוואַלן וואָס וואַרטן מען זאָל זיי אַנטפּלעקן. דאָס מענטשלעך־יצירה־דיקע איז תּמיד פאַרקאָוועט און באַגרענעצט אין שטאָלענעם פּאַנצער פון צייט און גוף און צערייסט אַלע אונדזערע חלומות. דער מחבר ווייסט אָבער לגמרי נישט וואָס אַזוינס עס הייסט ענדיקן. דאָ איז, לדעתי, די כאַראַק־טעריסטישע גרויסקייט אין דער ספערע פון זיינע הומאַניסטישע מעשׂים.

זיין מאַראַטאָנישער געלאָף עפּעס תמיד צו פורעמען און פאַרווירקלעכן אויפן שטח פון גייסט, מחשבה פאַר דער ייִדישער נאַציאָנאַלער המשכדי־קייט — איז דער הויפּטשטריך פון אָט דער פאַלקסטימלעכער פערזענ־לעכקייט.

פאַר דעם מחברס כאַראַקטער וואָלט מען געקענט באַנוצן די ווערטער פון געטע: „דאָס וואָס דו ביסט נישט מסוגל צו ענדיקן, מאַכט דיך גרויס”. פאַראַן אַן אייביקער צונויפשמעלץ צווישן מענטשנס אינטעלעקט און זיינע יצירהדיקע רעאַליען. זיי איז שווער אָפּצוטיילן. דעם מענטשנס אינטע־לעקט קומט צום אויסדרוק בולטער און נאַקעטער אין דער פעסטער ראָם פון ערדישע מעשׂים. אָבער דער גייסט און פלאַטערנדיקער רוח־החיים, וואָס האָבן די אָ מעשׂים אַרויסגערופן זענען גראָד אַזוי אומשטאַרביק־אייביק אין זייער ממשות ווי די עקזיסטענץ פון אַ קיקל־של־מעלה. פון קיקל־של־מטה צו קיקל־של־מעלה טראָגט זיך תמיד דאָס זיסע קול פון בגינה, וואָס האָט באַגלייט אַלע לעבנס־מעשׂים פון דאָזיקן מקורותדיקן און כאַריזמאַטישן מענטשן.

אין זיין אויטאָביאָגראַפישן ווערק, וואָס נעמט אַרום זיינע כמעט אַלע רעאַלע דערגרייכונגען, פאַרשווינדט נישט פונעם מחברס דמיון דער גרוי־ליקער שאָטן פון אייראָפּעיִשן ייִדן־אומקום. אַנדערש קאָן עס גאָרנישט געמאָלט זיין. דעם מחבר האָט תמיד באַגלייט דאָס פייערדיקע פלאַטערן פון די איידעלע קיקלער נשמות, זייער מסורה, בענקשאַפט און ייִדישע חלומות. איבער אַלע שוין פאַרשווונדענע קיקלער־געשטאַלטן, וואָס ווערן געשילדערט אינעם בוך בעת זייער לעבן, שוועבט נאָך איצט די הייליקייט פון זייער פאַרשניטן מאַרטירער־לעבן. דאָס חרובע קיקל האָט באַקומען אַ שיינעם מאָנומענט פון איינעם פון זיינע געטרייסטע זין — דעם דערציילער־מעמואַריסט מאיר ווייסגאַל. אין זיין פען איז קיקל גע־וואָרן אַ באַגריף, אַ גראַניטענע מצבה פאַר אַלע ייִדישע קיקלס וואָס זע־נען מער נישטאָ.

דער מחבר טראָגט אין זיך דעם פייער־אָפּשיין פון אוישוויצער קאַלכ־אויוון, הגם מיטן גוף איז ער געווען אוקינוסדיק־ווייט פון גיהנום. און דווקא דער אָ שטריך, וואָס פאַרפראַסטיקט קיין מאָל נישט זיין ייִדיש

חורבן־געדעכעניש, איז מענטשלעך גרויס און באַגלייט אַלע זיינע רעיונות, ביז ער פּאַרוואַנדלט זיי אין אַ באַזיניקטער ייִדישער תּחיית־המתימדיקער רעאַליטעט, לויט דער אַלטער מימרא: מעשׂה במחשבה תּחילה. זיין מחשבה איז קיין מאָל נישט אַנטלאָפן פון דער ייִדן־עקדה. טייל מאָל פרעגט ער זיך אַליין: וואָס וואָלט געווען, למשל, ווען זיין משפּחה בלייבט אין מיזרח־אייראָפּע, ווען זיין פאָטער ווערט יאָ אַ חזן און וואַנדערט נישט אויס קיין אַמעריקע? מן־הסתּם וואָלט דער גורל פון דער ווייסגאַל־משפּחה נישט געווען אַנדערש ווי דער גורל פון די מיליאָנען ייִדן־קרבנות. דער מחבר שרייבט: „איך בין געוואָרן דערוווייטערט פון דער שׂריפה און געווען באַשטימט צום לעבן נישט לויט עפּעס אַ וועלטפּלאַן, נאָר מחמת דעם בלינדן צופאַל". אָבער זיך אַליין, דעם אַמאָליקן קיקלער בחורל, זעט ער תּמיד ווי איינעם וואָס איז דאָרט יאָ געווען און בנס אַרויס פון קאַלכאָוויון, וואַרעם — ווי ער שרייבט: „בכל דור ודור חייב אָדם לראות את עצמו כאילו הוא יצא ממצרים" — אין יעדן דור דאַרף דער מענטש זיך באַטראַכטן ווי ער אַליין וואָלט אַרויס פון מצרים.

וועגן אַלע זיינע שפּעטערע לעבנס־מעשׂים כאַראַקטעריזירן דעם מחבר צום בעסטן די ווייטערדיקע זאַצן: „איך בין בטבע אַן איבערקלייבער. אין אַלץ וואָס כ'האָב געטאָן אין מיין לעבן, צי דאָס איז געווען זשורנאַליסטיק, צי רעדאַגירן אַ צייטשריפט, צי פּראָדוצירן אַ טעאַטער־פּיעסע, אָדער אין לעצטן עטאַפּ פון מיין לעבן, בויען דעם וויצמאַן־אינסטיטוט — האָבן מיך געפירט באַטראַכטונגען וועגן פאָרעם, שיינקייט, סימעטריע וכדומה. איך האָב זיך תּמיד דערווייטערט פון לעכערלעכקייט און גאווה. איך האָב קיין מאָל נישט געזוכט, דירעקט צי אומדירעקט, לויברופן פונעם עולם אָדער געזעלשאַפטלעכע פּאָסטנס נאָר לשמם. אויב דאָס האָט זיך יאָ געטראָפן, איז עס געווען אַ פּועל־יוצא פון מיינע מעשׂים" (ז' 280).

שיינקייט און סימעטריע, האַרמאָנישע געשטאַלטיקונג און דער געבענטשטער כּוח צו פּאַרוועבן מיט מענטשן טיפע פריינדשאַפט, וואָס איז נישט געבויט אויף קיין שום קאָניונקטורעלער אָדער ענג־פּאָליטישער באַזע — דאָס אַלץ, געזיווגט מיט אַ זעלטענעם חוש פאַר אומגעווייינטלעכע געזעלשאַפטלעכע מעשׂים — האָבן אים אַרויסגעהאָלפן צו דורכפירן אין

לעבן זיינע גאָרונגען. ער איז געוואָרן דער שאַפער פונעם ווייצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות, דער גרינדער פון „יד חיים וייצמן", דער אי־ניציאַטאָר פון איציק מאַנגער־פרייז פאַר ייִדיש־שאַפערס („מיינע ייִדישע שרייבערס — איך קען זיי נישט מאַכן פאַר יתומים"), דער מיטשאַפער פונעם לייוויק־הויז. — וועגן דעם אַלעמען קען מען ציטירן די טרעפלעכע ווערטער פון וויעראַ ווייצמאַן, די פרוי פון ערשטן נשיא, ד"ר חיים ווייצ־מאַן, אין איר בוך „מייַן לעבן מיט חיים ווייצמאַן": „מאיר פאַרמאָגט דעם כּוח פון צען מענטשן עפּעס צו רעאַליזירן און אַן אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט צו פאַרבינדן זאַכן וואָס לאָזן זיך אין גאַנצן נישט פאַרבינדן; אַ מאַן פון דינאַמישע, ריזיקע רעיונות".

חיים ווייצמאַן איז געווען פול מיט פאַרערונג פאַר מאיר ווייסגאַל און זיין פרוי שירלי: „מאיר האָט אַ גאָלדן האַרץ און אין דעם זכות איז ער אַרומגערינגלט מיט אַזוי פיל פריינד און נדבנים".

אַז דער מחבר האָט אַ גאָלדן האַרץ, איז דאָס אַ שיינע מתּנה פון דער השגחה. אָבער נישט נאָר אַ גאָלדן האַרץ האָט ער אַרויסגעטראָגן פון זיין אָרעמען קיקל. דאָס וואָס איז געוואָרן פאַר מאַרק שאַגאַל דער כּישוף פון ייִדישן וויטעבסק, איז אויך געווען קיקל מיט זיין כּישוף פאַר מאיר ווייסגאַל. ער האָט אויך מיטגעבראַכט פון דאָרט אַ שיין געשאַנק — אַן אַלטע גילדענע פּען. און זי, אָט די פּען, האָט עס טאַקע געגעבן אונדז די דאָזיקע אויטאָביאָגראַפיע, אַ בוך וואָס איז פול מיט נאָסטאַלגיע, העראָיִשע מעשׂים און מיט אַ וואַרעמער, אינטימער גייסטיקייט.

ווּ ליגט, בכן, דער סוד פון די אַלע העראָיִשע מעשׂים?

„אַ סך פון מיינע שאַפונג־אימפּולסן האָבן זייער מקור אין כּעס" — זאָגט דער מחבר אויף אַן אָרט אין בוך. דאָס איז אָבער אַ צאָרן אַ הייליקער, אַ געלייטערטער כּעס נאָך אַלע ביטערע נסיונות פון קיקל, אַ צאָרן וואָס פירט צו שלמותדיקע מעשׂים וואָס זענען פול מיט קאָלעקטיווער ברכה. דער מחבר האָט אונדז צוגעטראָגן אַ דאָקומענט פון דורותדיקער ייִדישער אַצילות און מעשׂים־טובים. דער סינטעז צווישן זיין לעבנס־פילאָסאָפיע און לעבנס־אויפטו ליגט, דאַכט זיך, אין זיינע עטלעכע אַרויס־געזאָגטע ווערטער בעת ער גיט איבער דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט אין די

הענט פון פּראָפ׳ סייבין: „באַציט אייך צו די וואָס אַרבעטן דאָ מיט איידל־מוט און ליבשאַפט. זעט, נישט צו דיסקרימינירן צווישן דעם העכסטן און דעם נידעריקסטן ראַנג. אַלע זענען ייִדן, אַלע זענען מענטשן, אַלע זענען געקומען אַהער פון פאַרשיידענע קלימאַטן און באַדינגונגען — אַ סך פון זיי זענען אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון דער שׂריפה״ (ז׳ 301).

איך האָב זיך בכוונה באַמיט אָפּצושטעלן בלויז אויף די ריין עמאָ־ציאָנאַלע און הומאַניסטישע ווערטן פון דאָזיקן גאָר אינטערעסאַנטן בוך. אוודאי איז אַזאַ צוגאַנג אַ פאַרשמעלערונג פונעם רייכן אויטאָביאָגראַפישן פּאַנאָראַמע־שטח, וואָס דאָס ווערק וויקלט פונאַנדער, אָנהייבנדיק פון פּראָווינציאַלן קיקל, איבער אַ סך וועלט־מעטראָפּאָליעס, ביז צו די היסטאָ־ריש־נאַציאָנאַלע רעוואָלוציעס פון ייִדישן פאָלק אין זיין היימלאַנד. פאַר דעם אָ שטח וועט זיכער זיך אָפּגעפינען אַ צווייטע קריטישע פען, אַזוי אַרום וועט די וויסנאַל־אויטאָביאָגראַפיע אין אירע אַלע שאַטירונגען, פּאָ־ליטיש־געזעלשאַפטלעכע ניואַנסן, באַקומען די פאַרדינטע, מער היקפדיקע באַלייכטונג.

דאָס לעצטע רינגעלע פון דער אָ אויטאָביאָגראַפישער עפּאָפּעע גע־פינען מיר אין סוף בוך, קאַפּיטל 26. דאָס געשעעט שוין נאָך אַלע זיגן, פערזענלעכע און געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלע, אין אַ קליין איטאַליעניש פּאַסטאָראַל שטעטעלע, וואָס דערמאָנט אים שטאַרק אין קיקל און וווּ דער מחבר פאַרענדיקט זיין ווערק. פון דאָזיקן איטאַליענישן קיקל־שטעטעלע ציט זיך דער וועג אויף צוריק, אַ וועג וואָס האָט דעם מחבר געפירט עד כאן. דאָס איז געווען דער וועג פון זייען מיט טרערן און שניידן מיט געזאַנג. ער קען נישט דאָרט פאַרענדיקן דאָס בוך, ער זאָל נישט צוריק־גיין צו קיקל. דאָס איז דאָס געזעץ פון זיין ערלעכער, הומאַנער נאַטור, און דאָס ווערק ענדיקט זיך:

„ווּו איז עס איצט? פאַרשוווּנדן אוודאי מיין אָרעם שטעטעלע קיקל!״ און ווייטער: „נאָר איך גלייב אַז עס וועט קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן. מיר, ייִדן, זענען געבענטשט מיט אַ לאַנגן זכּרון. אין משך פון צוויי טויזנט יאָר, בעת מיר זענען געזעסן אין די קיקלס פון בבל, שפּאַניע, מיזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע און אין דער נייער וועלט — האָבן מיר

געדענקט ירושלים. און איצט, אין ירושלים, לאָמיר נישט פֿאַרגעסן די צענדליקער טויזנטער קיקלס וואָס האָבן אונדז געענערט גייסטיק, אינ־טעלעקטועל און רעליגיעז און וואָס האָבן געבראַכט אויף דער וועלט די ריזן פֿון דער ייִדישער און אוניווערסאַלער מחשבה. אויב די זכרונות וועגן זיי און זייערע מעשׂים לעבן נאָך איצטער אין אונדזערע הערצער, זענען נישט געווען אומזיסט די צוויי טויזנט יאָר פֿון אונדזערע גלות־וואַנדערונגען".

דער דאָזיקער ייִדישער גלויבן און חלום האָט זיין שיין־פּלאַסטישן עכאָ באַקומען אויף די בלעטער פֿון מאיר וויסגאַלס עד כּאן, אַ בוך וואָס וויפֿל עס זאָל נישט דערציילן וועגן דעם מחבר גופֿא, דערציילט עס אונדז נאָך מער פֿון דער גייסטיקער, הומאַנער שאַפֿערישקייט און פֿון דעם מקוים געוואָרענעם נאַציאָנאַלן חלום פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. עס דערציילט אַ סך מער פֿון דעם וואָס ס׳איז זיך געשיכטלעך פֿאַרלאָפֿן אין משך פֿון צוויי דורות ייִדיש לעבן. און דאָס וואָס דער מחבר דערציילט אויך וועגן דעם וואָס איז שוין אַזוי זעלטן אין אונדזערע טעג — ייִדישע אַצילות און מעשׂים־טובים — דער דאָזיקער עלעמענט פֿאַרשטאַרקט נאָך מער דעם חותם פֿון שיינקייט, פֿון הומאַנישקייט און פֿון ייִדישער חכמה אין דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער אויטאָביאָגראַפֿיע, וואָס וועט בלייבן אַ צירונג אין אונדזער ליטעראַרישער מעמואַריסטיק.

### ירחמיאל בריקס (1974—1912)

## בעלעטריסטישע געטאָ־כראָניק

**דב סדן**: „ספק אם יש הבדל מכריע בין כרוניסטן לבין מספר, ששניהם דבריהם פחותים מאימת חוויתם" (אַ ספק אויב ס'איז פאַראַן אַ דעצידירנדיקער אונ־טערשייד צווישן כראָניקער און דערציילער, וועמענס ווערטער זענען ווינציקער פון זייערע גרויל־איבער־לעבונגען").

פון דער הקדמה „מגיא ההריגה" צום בוך „על קידוש השם" פון י. בריקס.

ביים ציטירן די אויביקע ווערטער פון פראָפ' דב סדן צו די באַטראַכ־טונגען וועגן נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם ירחמיאל בריקס איז די כוונה איבערצוגעבן אַמטרייסטן דעם אויסגעלאָשענעם שרייב־דראַנג, וואָס ס'האָט פאַרמאָגט י. בריקס אין זיינע געטאָ־שילדערונגען. איך טו עס אויך מחמת דעם וואָס דער אויביקער ציטאַט פון איינעם — און אפשר גאָר — פון איינאיינציקן בר סמכא מיט אַזאַ עשירותדיקן היקף פון ליטעראַטור־פאָר־שונג און בקיאות, נעמט אויך אַרום דאָס גרויסע יצירה־פעלד פון דער חורבן־תקופה. דב סדנס יסודותדיקער אַנאַליז אויף דעם געביט וואַרפט אַ שאַרף ליכט אויפן עקשנותדיקן, פאַרצווייפלטן געראַנגל, וואָס מיר געפי־נען ביים שילדערער פון דער גרויל־תקופה. דער דאָזיקער געראַנגל איז אייגנטימלעך אַלע ליטעראַטור־זשאַנערן: דער פּאָעזיע, דער קינסטלע־רישער עפּיק און אויך דעם פאָלקס־כראָניקער. מען מוז אָבער זאָגן, אַז יעטוועדע דינאַמישע וואָרט־לאָדונג בלייבט נישט מער ווי אַ ווייטער אָפּ־הילך פונעם מוראדיקן ייִדן־אומגליק. די אַלע זשאַנערן זענען בלויז אַ ראַכיטישער שאָטן פון יענעם תהומיקן גרויל, וואָס דאָס געשריבענע (און אויך גערעדטע) וואָרט איז נישט מסוגל אונדז איבערצוגעבן.

מיט י. בריקס, דעם מחבר פון עטלעכע ביכער,* וואָס זייער תּוכן איז די אומקום־תּקופה, פאַרבינדן מיך די טראַגישע לאָדזשער געטאָ־יאָרן און שפּעטער — אוישוויץ. ווי אַנדערע שרייבער־אָנפאַנגער איז אויך ער, ערב דער צווייטער וועלטמלחמה, אַריינגעשליידערט געוואָרן אין תּהום פון הונגער און פון אימה מיט זיין ערשטלינג לידער־זאַמלונג „יונג־גרין־מאַי״. די דריי אַזוי האָפערדיקע נעמען „יונג־גרין־מאַי״ זענען גיך געוואָרן צו גרויליקע סימבאָלן: פון יונג — איז געוואָרן פריצייטיקע געטאָ־זיקנה, פון גרין — די אָבלדיקע שוואַרצקייט און פון ראָזלעכן פרילינג־חודש מאַי — דער סקעלעטיש־פּראָסטיקער ווינטער־זמן וואָס האָט מיט גזירות און כּלערליי פּרעוגיות געעפנט דעם געטאָ־גיהנום.

ווי אַלע כּמעט נאָמענלאָזע שרייבער־אָנפאַנגער האָט אויך י. בריקס זיך געטוליעט דערשראָקן צום עלנטן ליכט־אינדזל אין געטאָ: צו דער שטוב פון דער פרומער שׂרה בת טובים, דער דיכטערין מרים אולינאָווער. צו איר איז מען געקומען אויסשוייגן, אָדער אויסשטאַמלען, דאָס נישט אָנגעשריבענע וואָרט. ווער ס'איז נישט אַריבער דעמאָלט די אולינאָווער שוועל וועט נישט משׂיג־זיין איר טיפע, הייליקע השפּעה אויף די פאַר־בלאָנדזשעטע יונגע פען־אַסירים. אין איר „ליטעראַרישן סאַלאָן״, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי פינצטערע, עלנטע צימערלעך, אָנגעפּראָפּטע מיט ספרים און אַלט מעבל, האָב איך טייל מאָל אויך געטראָפן דעם יונ־געטשקן און שעמעוודיקן בריקס. זיין שיין אָפן פּנים, די מילדע אויגן — זענען שוין געוואָרן פאַרוועבט ביסלעכווייז מיטן טראַגישן ליכט פון ערב־אָפּגרונט. און דער דאָזיקער תּהום, וואָס האָט אים בנס אַרויסגעוואָרפן פון זיך, האָט אים אויך מיטגעגעבן כּוחות, כּדי מיט יאָרן שפּעטער צו דער־ציילן, דערציילן — מיט זיין אייגן לשון און ריינעם פאָלקס־האַרץ די שווער־געפּרוּווטע יאָרן פון יידישן אומגליק.

וועגן י. בריקס' ביכער איז פיל געשריבן געוואָרן — און אויך מער

---

* „אויף קידוש השם״, ניו־יאָרק 1952; „דער קייסער אין געטאָ״, נ. י. 1961; „געטאָ־ פאַבריק 76״, נ. י. 1963; „די פּאַפּירענע קרוין״, נ. י. 1968; „די וואָס זענען נישט געבליבן״, נ. י. 1972.

פאַרשוויגן געוואָרן. דאָס איז געשען אפשר מחמת אונדזער געירשנטער און איינגעוואָרצלטער רעאַקציע לגבי ליטעראַטור־ווערטן. לאַנגע דורות האָבן די יצירה און אויך די מיט בלוט־פאַרשריבענע פּנקסים געפּרווּווט אונדז פאַרשפּאָרן די חרפּה פונעם מענטש דורך אָפּהיטן די אידעען פון עטיק, הומאַנישקייט און זויבערקייט. אָבער פּאַראַלעל מיט דער אָ יצירה איז אויך געשווומען, אין אַ קלענערן היקף, די שוימיקע כוואַליע פון נאַ־קעטן נאַטוראַליזם. דאָ האָט די נשמהלאָזע פּאָטאָגראַפיע אונטערדריקט יעטוועדן שמץ פון געלייטערטקייט און אמונה אין דער גוטער דאַליע פונעם מענטשן. די דאָזיקע צוויי שטראָמען: דער עטישער רעאַליזם און דער רויער נאַטוראַליזם האָבן זיך געמוזט פראָנטאַל צונויפשטויסן ביים איבערגעבן די שוידער־צייט פון לעצטן חורבן. אויב די פעדער קומט שיל־דערן די אָ גרויל־צייט — האָט זי קודם כּל דעם ציל: נישט לאָזן פאַר־געסן די אוממענטשלעכע רציחות. די דאָזיקע אינטענץ צעצווייגט זיך אָבער אין איר אויסדרוק אין קעגנזעצלעכע פּאָלוסן: אין דער כראָניקאַ־לער דאָקומענטאַציע, אין דער פּאָעזיע און אין דער קינסטלערישער פּראָזע. זיי אַלע פאַראייניקן זיך ערשט — ווי פליסנדיקע שטראָמען פונעם זעלביקן איינאיינציקן קוואַל — אין היסטאָרישן פּערספּעקטיוו צו די געשעענישן. אַלע צוזאַמען שאַפן זיי דעם גרויזאַמען פּאַנאָראַמע־פּאַן פונעם יסורים־וועג בעתן חורבן.

דער ערשטער, וואָס האָט אין דער ליטעראַטור (און אויך אין דער כראָניק) אַריינגעפירט די אָ אַנטיפּאָדישע פונאַנדערטיילונג איז געווען דער כראָניקער פון 17טן י״ה נתן נטע האַנאָווער — דער מחבר פון ספר „יון מצולה״ וועגן גזירת ת״ח. זיין זאָג, אַז ער וואָלט דערציילט די שענדלעכע פּרטים פון דער ת״ח־אויסראָטונג נאָר ער וויל נישט פאַרשע־מען דעם מין מענטש — גילט נאָך היינט אויך, לדעתי, פאַר דער אומ־קום־תּקופה. אונדזערע גרויסע קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער באַ־האַנדלען זייער פאַרזיכטיק און מיט פּיעטעט די טעמע חורבן־ליטעראַטור. די טיילונג איז: צווישן פאַלקסשרייבן און קונסט, הגם ביידע דינען דעם זעלביקן ציל מיט אַנדערע מיטלען. פּראָפ׳ דב סדן גיט אַ יסודותדיקן אַנאַליז פון די ביידע שרייב־פאָרמען (אין דער אויבן דערמאָנטער הקדמה

„מגיא ההריגה”) און מיינט, אַז דאָס, וואָס בריקס האָט אונדז געגעבן איז „ווייניקער פון ליטעראַטור און אויך מער ווי ליטעראַטור”. דאַקעגן יעקב גלאַטשטיין פאַררעכנט י. בריקסן אויסשליסלעך צום פאָלקס־כראָניקער, שרייבנדיק אַז: „דער גרינטלעכסטער חילוק צווישן קונסט און פאָלקס־שרייבן איז: דער קינסטלער וואַרפט־אָפּ און דער פאָלקסשרייבער ווייסט נישט פון די „קונצן”: וואָס אויף דער לונג און אויף דער צונג — קומט אויף דער פען”, (י. גלאַטשטיין: „מיט מיינע פאַרטאָגביכער”, ז' 196).

איצט, בעת מיר האָבן שוין פאַר זיך כמעט אַלע דערשיינענע געטאָ־שילדערונגען פון י. בריקס, איז נישט שווער צו אַנאַליזירן זיין שרייב־נוסח און ליטעראַרישע אינטערפּרעטאַציע פון דאָזיקן טראַגישן חומר, וואָס ווערט קיינמאָל נישט אָפּגעקילט אינעם שרייבערס דמיון.

מען מוז זאָגן, אַז י. בריקס האָט זיך כמעט קיינמאָל נישט באַנוצט מיט אַ ליטעראַרישן פילטער אָדער שפּראַכלעכער זיפּ. מחמת דעם האָט זיין שרייב־נוסח דעם אוממיטלבאַרן הויך פון דער רוי־לעבעדיקער געטאָ־ווירקלעכקייט — אַזאַ ווי זי איז זיך פאַרלאָפן מיט איר גרויל און גע־שפּענסטיקייט. און ווייל דער מחבר נעמט אַלץ אויף מיט דער ריינער און סימפּליצירטער געפיל־רעאַקציע פון אַ פאָלקסמענטש — זענען אַלע וווּנדן אָפענע, די פנימער — פאַרקרומטע מיט הונגער־העוויות, און די אויגן — אויסגעלאָשענע פון יעדן ליכט־שימער, הגם אין זיי טליעט נאָך דער אומ־פאַרלעשבאַרער חלום פון מסירת נפש. די ראַם, וואָס נעמט־אַריין זיין געטאָ־תחום, איז נישט קיין געהובלטע, דאָך איז אַזוי בולט דאָס אומגליק. י. בריקס באַנוצט זיך נישט מיט עסטעטיש־קינסטלערישע מיטלען. פאַר אים גילט בלויז דאָס אימפּעטיקע וואָרט, הגם ער האָט אונדז געקאָנט צוטראָגן אַ מער פאַרביקע וואַריאַציע ביים פאַרטיפן דאָס דערציילעריש־קייט־געפיל, וואָס האָט אין אים, אָן ספק, געלעבט אין אַ גרויסער מאָס.

זעט אויס, אַז זיין פאָלקס־לעקסיק און דער סימפּליצירטער בליק אויף די קאָנטוריקע דערשיינונגען האָבן אין גאַנצן פאַרכאַפּט זיין שרייבע־רישן אָטעם. ער האָט זיך לייכט אונטערגעגעבן דער סובלימאַציע פון זיין אופן זען דאָס געטאָ־לעבן, נישט זוכנדיק קיין טיפערן פּערספּעקטיוו פאַר אַ קינסטלערישן דערציילן. י. בריקס האָט געהערט צו דעם מין שרייבער,

וואָס דאָס פאָלק גיט אַרויס פון זיך בעת יעדער טראַגישער תקופה. די בולטסטע אייגנשאַפטן: דאָקומענטאַרישער רעפּאָרטאַזש, כראָניקאַלישער אמת, מיט אָפענע מאַראַליזאַטאָרישע כוונות. דאָס אַלץ געהערט צום גוטן אָבסערוואַציע־אויג און צו די גוטע מידות פונעם פאָלקס־כראָניקער, וואָס ווייסט אָבער ווייניק פון שעפערישער דיסציפּלין און פון שרייבערישער היגיענע. די קאָנטורן־ראָם אַליין, וואָס בריקס האָט געשילדערט מיט זיין רעלאַטיוו גוט אויג, מיט זיין רעגיאָנעלן — אין געטאָ־געשאַפענעם פאָלקס־לשון — זענען געווען גענוג אונדז איבערצוגעבן די גרויזאַמקייט פונעם געטאָ־לעבן הינטער די דראָטן.

דאָס כראָניקאַלע באַשרייבן האָט אים אויך געפירט טייל מאָל צו גראָטעסק און קאַריקאַטור („אַ קאַץ אין געטאָ", „די פּאַפּירענע קרוין"), בעת דער טראַגישער חומר האָט גערופן צו אַ מער טיפערן אַנאַליז דורך קונסט־באַהאַוונטקייט און פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג. זיין פאָלקס־פעדער און זיין תמימותדיקע געזינונג זענען נישט געווען באַוואָפנט מיט ריינע יצירה־סגולות. דערפאַר אָבער האָבן זיי אים צוגעגרייט, אַז דער מחבר זאָל ווערן אַ טרייער כראָניקער פון געטאָ־יסורים, געגעבן אין אַ פּאָפּולער־רעגיאָנאַל לשון און נאַטוראַליסטיש געבויט אויף אַ גוטן פאַקטן־מאָנטאַזש און סאָלידער קאָנטור־פּאָרטרעטירונג.

די אַנימאַליזאַציע פונעם געטאָ־תושב זעט י. בריקס בעיקר דורך דער פּריזמע פון הונגער. זיינע העלדן וואַרפן אָבער קיינמאָל נישט אַוועק דעם דורותדיקן רוף צו מסירות־נפש. ער טוט עס טאַקע פאַקטאָגראַפיש, אָבער נישט אָן זיין וואַרעמער ייִדישער אמונה. דער שרייבער אַליין וואַרעמט זיך אויך ביי די לעצטע הומאַניסטישע פונקען פון די אומגליקלעכע. פיל בלעטער פון זיינע פאַרעפנטלעכטע ביכער דערציילן פון די אַ טליִענדיקע פונקען אונטערן געטאָ־אַש. דאָס באַווייזט, אַז י. בריקס האָט פאַרמאָגט אַ מין עטישע, פאַרשרייבערישע וואַכזאַמקייט לגבי יעטוועדן גרויל־אויס־דרוק, וואָס זיין עמפּינדלעך אויג האָט אויפגענומען.

ווי יעדער געטאָ־תושב האָט אויך דער מחבר געטראָגן אין זיך אַ ברייטן גרויל־שטח פון פּערזענלעכע נסיונות. זיי האָבן אים ווי אַ באַאָבאַכטער־כראָניקער געהאַלטן געפאַנגען און נישט באַשאַנקען מיט

שאַפערישער סבלנות, וואָס איז אַזוי נייטיק צו זען די סביבה — אויך אין קינסטלערישן ליכט — דורך דער פּריזמע פון דער אייגענער פאַרפלאָגטער נשמה. י. בריקס׳ פֿאָלקספעדער האָט זיך נישט באַנוצט מיט דער סבלנות. ער האָט געשטעלט העכער איבער אַלץ דעם ממשותדיקן פאַקט. ער איז געווען זיכער, אַז די היסטאָריש־אמתע פאַסירונג האָט אים געבראַכט פיל נעענטער צו דער געטאָ־ווירקלעכקייט ווי יענע, וואָס באַנוצן זיך אין דער חורבן־טעמאַטיק מיט מיסטיש־פאַרנעפּלטע פראָזע־עפעקטן. מעגלעך, אַז דאָס איז דער פּירוש פון דב סדנס שוין דערמאָנטן זאָג וועגן י. בריקס שרייב־נוסח: „ווייניקער פון ליטעראַטור און אויך מער פון ליטעראַטור״.

אינעם פּנקס פון יידישן חורבן האָט ירחמיאל בריקס, אַ קינד פון לאָדזשער געטאָ, מיט זיינע באַשרייבונגען, שילדערונגען און דאָקומענטאַרן רעפּאָרטאַזש, צוגעטראָגן זיין אייגענעם זיגל צום געטאָ־שריפטום. דאָס איז דער בלוט־זיגל פון פּיאָנערישער געטאָ־כראָניק, געשריבן מיט דער פאָלקס־פעדער פון אַ טרייען עדות און שווער־געפּרוּווטן קרבן.

## לייב מאָרגענטוי (1905—1979)

# פון פּאַלעסיער ערד ביז זוניקן הײמלאַנד

די יובל־אויסגאַבע פון לייב מאַרגנטוי נעמט־אַרום אַ צייט־אָפּשניט פון 40 יאָר. ווי אַ כוללדיקער דיכטערישער אָפּקלייב ווייזט זי אונדז געוויס בולט די שאַפערישע שטאַפּלען פונעם דיכטער און זיינע דערגרייכונגען. דאָס בוך הייבט זיך טאַקע אָן מיט אַ לידער־ציקל א. נ. „אויף פּאַלעסיער ערד" און שליסט זיך מיטן ציקל „אונטער זוניקע הימלען". צווישן די אָ ביידע לידער־ציקלען, עקסטרעמע אין זייער אידעיִשן און פּאָעטישן תוכן, ליגט אָן אויסגעטראָגן שווער לעבן, אַ שאַפערישער אָנשטרענג, וואָס האָט, דורך דיכטערישע נסיונות און מענטשלעכן געראַנגל, דערפירט לייב מאַרגנטויס לידער צום ראָם און צום תוכן פון דער איצטיקער יובל־אויסגאַבע.

שוין פון סאַמע אָנהייב פון זיין שאַפן האָט ל. מאַרגנטוי מיט זיינע פּאַלעסיער געזאַנגען זיך דערוואָרבן אַ צניעותדיק, אָבער ווערטיק אָרט אין דער ייִדישער פּאָעזיע. אמת, אונדזער ייִדישע דיכטונג איז תמיד געווען רייך אין דער פּייזאַזש־מעלאַנכאָליע, אין דער ליריק פון אַ גראָען, האָפענונגלאָזן אומעט. לייב מאַרגנטוי האָט מיט זיינע פּאַלעסיער געזאַנגען דעמאָגראַפיש אויסגעברייטערט די טרויער־הימלען איבער דער ייִדישער פּאָעזיע. די עלעגישע לאַנדשאַפט פון פּאַלעסיע און די ייִדישע נויט — ביידע האָבן זיי געלאָזט זייערע וואָרצלען נישט בלויז אין זיינע פּאַלעסיער געזאַנגען, נייערט אויך אויפן גאַנצן שטח פון זיינע שאַפונגען. אַנדערש האָט עס אויך נישט געקענט זיין. אָן אויסנאַם זענען זיינע קינדערלידער מיט זייער פּאָעטיש־חנעוודיקן זשאַנער. עס זעט אויס, אַז די ביטערע נויט־וואָרצלען פון אָמאָליקן ייִדישן לעבן און אויך די טרויער־נעפּלען פון די פּאַלעסיער פעלדער — זיי האָבן דאָך נישט געקענט פאַר־

טיליקן אינעם דיכטערס געמיט זיין איינגעבוירענעם ייִדישן און מענטש־לעכן אָפּטימיזם. דאָס רופט זיך אָפּ אין אַ סך לידער, געשאַפענע שוין נאָכן חורבן סיי אין פּוילן און שפּעטער אויך אין ישראל. צווישן פּאָלעסיע און דעם זוניקן ישראל־היימלאַנד האָט זיין ליד מיטגעטראָגן אין זיךביידע ספערן: דאָס גראָע, פאַרצווייפלטע געמיט און אויך זיין דיכטעריש־קינ־דערישע האָפענונג. אין ביידע זשאַנערן איז לייב מאַרגנטוי שטיל, ערלעך און נחבא־אל־הכּלימדיק. זיין פּאָעטישער אַקעראַייזן אַקערט בעיקר אויפן אויבערפלאַך און זיין דיכטעריש וואָרט בריט נישט מיטן פלאַם פון אַנט־פּלעקונגען. דערפאַר אָבער איז עס תמיד אַרומגערינגלט מיט אַ וואַרעמער פּאַליע פון דיכטערישער פשטות און פאָלקסטימלעכקייט. מיר ווייסן, אַז אויך אין די ביידע ספערן — פשטות און פאָלקסטימלעכקייט — קאָן זיין אַ ברייטע גאַמע און מדרגות וואָס זיי באַשטימען די עמאָציאָנעלע טיפקייט און די דורכדרינגלעכע פּאָעטישקייט. אָבער דאָס איז שוין אָפּהענגיק פון דער דיכטערישער פערזענלעכקייט און פון זיין נצחון איבערן וואָרט און זיינע סודות.

לייב מאַרגנטוי איז בדרך כּלל אַ גראָ־האַרבסטיקער פּאָעט, נישט גע־קוקט וואָס זיין טאָן איז אָפט דורכגעפלאָכטן מיט האָפערדיקייט. „איך בין דעם האַרבסט, דעם גאָלדיקן, אַ טריי און גינציק קינד" — זינגט ער אין זיין עלעגיש ליד „יונג־האַרבסט" (ז' 26). די פּאָלעסיער נאַטור־לאַנדשאַפט האָט געלאָזט אויך איר גוטן פּאָעטישן וואָרצל אין זיין שירה. זי האָט עס אים געטרייסט אין די שווערסטע שעהען: „איך האָב אַזוי פיל העלע טרייסט אויף רויטע האַרבסט־וועגן געפונען" (דאָרט). ווי אַ קינד פון פּאָ־לעסיער ערד איז ער טריי צו זיך און צו זיין זינגען: „איך שווייג מיט דיין שטילקייט / און לעב מיט דיין אומעט / פון לאַנדשאַפטן גרויע / אָן פאַרביקן רייץ" (ז' 61). ל. מאַרגנטויס פערזליידט נישט פון אַ מעטאַפאָרן־איבערגעלאָדנקייט, זיין וואָרט איז ריטמיש־מוזיקאַליש גוט צוגעקליבן, מיט אַן ערנסטער באַפליגלטקייט, וואָס גיט אונדז איבער אַ מילדן רעזאָנאַנס פון פּאָעטיש־לירישן געפיל, פון דיכטערס צער און פרייד. ער געהערט צו די דיכטער, וואָס ווייסן, אַז זייער מוזע איז נישט מסוגל צו פירן אַ געראַנגל נישט מיט דער וויזיע און נישט מיטן אייגענעם וואָרט. זיין פערז האָט

אין זיך אַ פּאַסיוויטעט פון יאוש. אפשר דערפאַר ווערט דער דיכטער מיט־געריסן שוין אין זיין ערשטן פּאָעטישן רוף פון אַ גאַר שטאַרקער ריט־מישקייט, וואָס דעקט־צו טיילמאָל דאָס עיקרדיקע פּאָעטיש בילד. לייב מאַרגנטוי זינגט זיינע לידער ווי אין געפאַנגענשאַפט פון ריטעם און גראַם. בעת דעם דיכטער געלינגט זיך אַרויסצורייסן פון דער אַ ריטמישער גראַ־וויטאַציע — דעמאָלט ווערט זיין שורה וואַרעם־ליריש און מיט אַן עמאָ־ציאָנעלער געלאַדנקייט, אַפילו בעת ער זינגט וועגן דוממים: „עס פילט דער האַרטער שטיין / דעם עלנט פון אַ הונט / אַ היימלאָזן, ביי נאַכט / דער רעגן פילט דעם עלנט פון אַן אָפּגעפּליקטן בוים אין האַרבסט" (ז' 111). דער דיכטער ווייסט, אַז דאָס וואָרט קאָן ווערן „דער כּישוף־שליסל צום טויער פון דיין האַרץ און פון געוויסן" (ז' 98), אָבער דאָס וואָרט, וואָס ער טראָגט אונדז צו, איז — ווי ער זאָגט עס אַליין — „אין שורות, אין סטראָפן, אין פערזן און גראַמען / באַשיידן און פּראָסט ווי אַ בריוו צו דער מאַמען" (ז' 95).

נאָך די פּאָלעסיער געזאַנגען פאַרדינט ל. מאַרגנטויס בוך מען זאָל זיך אָפּשטעלן באַזונדערס אויף די ציקלען קינדער־לידער: „אַלדאָס גוטס פאַר אייך" און „מיין פעטער עליע". אין זיי דערגרייכט ל. מאַרגנטוי אַ טאָן פון שפּילעוודיקייט, פרישקייט פון געפיל, חנוודיקן, דידאַקטישן הומאָר און אויך אַן אוממיטלבאַרקייט פון פּאָעטישן אויסדרוק. מאַרגנטויס קינדער־לידער שעפן זייער באַגייסטערונג אויך פון אַזעלכע פּאָעטן ווי ס. מאַרשאַק, וול. בראָניעווסקי א. א. דער רוב קינדער־לידער זענען געשאַפן אין פּוילן, ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה — און אויך נאָך איר אין באַפרייטן פּוילן — און דערפאַר רעדט צו אונדז איצט פון זיי אַזאַ בולטער טראַגיזם. ווי אכזריותדיק־שווער האָט די רעאַליטעט געשלאָגן דעם דיכטערס אָפּטי־מיזם און קינדער־גלויבן. ערשט איצט, אין דער פּריזמע פון שווערע נסיונות, ווערט זיין קינדער־געזאַנג פאַרשעמט און אַזוי ביטער געטראָפן.

די בעסטע כאַראַקטעריסטיק פאַר זיין שאַפן האָט ל. מאַרגנטוי אַליין געגעבן אונדז אין זיין ליד „אַ תּפילה" (ז' 94), ווו דער דואַליזם פון געפיל און אויך צעשפּאָלטנקייט פון אַ יידישן פּאָעטס גורל, ווערן אויסגעגאָסן אין שיין־פליסנדיקע, האַרציקע שורות.

באַהיט מיך, גאָט, פון צופיל פרייד,
וואָס זאָל מיך טרעפן אומגעריכט.
באַהיט מיך — אין אַ שעה פון נויט
צו זײַן אַ צאַנקענדיקע ליכט.

ווי מוט איז נייטיק אין געפאַר,
איז קראַפט — אין אומגעריכטן גליק,
און ס׳איז נישט ליב מיר, גרויסער האַר,
פאַרבלענדט צו זײַן אַן אויגנבליק.

באַשיידן כ׳בין און שטאָלץ צוגלײַך,
און כ׳האָב אַלצאיינס אי לויב, אי שפּאָט,
איז נישט צו קאַרג און נישט צו רײַך,
דערפאַר זאָל זײַן צו מיר דײַן גנאָד.

דורך מדבר־זאַמדן ציט מײַן וועג
און כ׳זע אָאַזיסן אין טרוים,
און מער, ווי פרוכט אין רייפע טעג,
איך ליב אַ ווײַס־צעבליטן בוים.

פון בונטן בליץ באַשיץ מיך, האַר,
און שטראָף און בענטש מיך שטילערהייט,
אין האַרצן טריף מיר טראָפּנס צער
און צער זאָל אויפשמייכלען אין פרייד.

**צום דערשײַנען פון דער יובל־אויסגאַבע דאַרף מען בלויז צוגעבן דעם ווונטש, אַז דאָס שאַפערישע געמיט פון לייב מאַרגנטוי זאָל נאָך די פאַלעסיער נעפּלען און שווערע נסיונות אויפגעפרישט ווערן מיט נייע, זוניקע און יצירהדיקע כוחות.**

---

לייב מאַרגנטוי : „צער און פרייד״, לידער און פּאָעמען, 1928—1968, יובל־אויסגאַבע. פאַרלאַג „המנורה״, תל־אביב 1968, 309 זייטן. אַריינפיר־וואָרט — י. צ. שאַרגעל.

## אברהם זאַק (1980—1891)

# די שטילע ליריק פון אַ ראָמאַנטיקער

אברהם זאַק האָט זיין רייכע ביאָגראַפיע ווי אַ שרייבער אָנגעהויבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זינט דעמאָלט, ווען ס׳איז דער־שינען זיין ערשטע לידער־זאַמלונג „אָקאָרדן״ (1918 — און געהאָט 2 אויפלאַגעס) — איז אָפּגעפלאָסן מער ווי אַ יובל יאָרן. דאָס איז געווען אַ תקופה פול מיט אויפברויז און קאַטאַקליזמען, וואָס האָבן אַרויסגערופן נאַציאָנאַלע און היסטאָרישע שינויים — און גלייכצייטיק אויך טיפע פסי־כישע ריסן אין דער נשמה און גייסטיקייט פון ייִדישן מענטש. וויפל מלחמות, רעוואָלוציעס, נויט און יאושן האָבן פאַרשווענקט די ייִדישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע — ביז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די גרויזאַמסטע פון אַלע ייִדן־תקופות: דער חורבן. די אָפּגרונטיקע אומקום־יאָרן האָבן פאַרלאָשן דאָס מינדסטע פלעמל פונעם דורך דער מסורה געהייליקטן בטחון. די אַ אַלע טראַגישע געשעענישן האָבן געמוזט געפינען — אויב אַפילו נישט אין אַ ריין־אַדעקוואַטער פאָרעם — זייער גרויליק ווידערקול אין די יצירות פון די בנס־אָפּגעראַטעוועטע דיכטער און שרייבער. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אויפסניי אָנגעהויבן אויפגיין אויף די פאַר־וויסטע פעלדער פון דער ייִדישער פּאָעזיע די נייע גראָז־שפּראָצונגען, וואָס האָבן געוואָלט לעבן. די ערד און דער גייסט זענען נישט אָפּגעטייט געוואָרן אויף די שלאַכטפעלדער. און הגם די ייִדישע הימלען זענען נאָך געווען געצונדן אין בלוט און אַ פעסט־ווינט פון די טויטן־פעלדער האָט נאָך געבלאָזן אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור — האָבן אָבער שוין אין די חרובע ייִדישע ישובים אין פּוילן אָנגעהויבן אויפגיין נייע טענער, נייע האָפענונגען, נייע געזאַנגען און נייע אַקאָרדן אין דער ייִדישער פּאָעזיע.

אברהם זאַק געהערט צו דער־אַ גענעראַציע ייִדיש־שרייבער, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך במשך פון צוויי דורות די אַלע סמען און גיפטן, אַלע שווערע שטרויכלונגען און מפּלות, אַלע יאושן, וואָס עס האָט אויסגעטראָגן זיין ייִדן־דור. ער איז געבוירן געוואָרן אין לעצטן צענדליק פון 19טן יאָרהונדערט (1891) און צו 17 יאָר (1908) אָנגעהויבן פּאַרעפנטלעכן זיינע לידער. ס׳איז נישט אָן פּסיכאָלאָגישן באַטייט, אַז דאָס ערשטע ליד זיינס איז געווען דווקא אַן עלעגיע — אַזאַ ליד־פאָרעם און ליד־תוכן, וואָס וועט ווערן זיין אייגנטימלעכער כאַראַקטער־שטריך און אויך באַגלייטן אַלע זיינע שפּעטערדיקע לירישע גענזאַנגען. אין יעדער ממשותדיקער פאַרמירונג פון אַ דיכטער־פּנים האָט אָן ספק אַ השפּעה פאַרן פּאָעט די סביבה, וואָס רינגלט אים אַרום. אין יעדער עפּאָכע קומט־פאָר די אומאויפהערלעכע באַפרוכטונג פון גייסטיקע שטראָמען — סיי פון דער נאָענט און סיי פון דער ווייט. א. זאַק איז געשטאַנען אין סאַמע מיט פון אַזאַ עפּאָכע, וואָס האָט מיט אירע וויטאַלע אויפבויערישע און אויך פינצטערע, צעשטערערישע כוחות אים געשאָנקען אַזאַ און נישט קיין אַנדערע פּאָעטישע געזינונג אין דער ליטעראַטור.

פונעם לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור ווערן מיר געוווירע, אַז א. זאַק איז געווען אַן אַרייַנגייער צו י. ל. פּרץ, וואָס האָט אים מקרב געווען. דער דיכטער־אָדלער פון זאַמאָשטש האָט געהאַט אַ השפּעה אויף א. זאַקס׳ ערלעכער און עטישער געזינונג ווי א מענטש און שאַפער. צווישן זיינע ביז איצט דערשינענע אָריגינעלע ביכער — און זייער צאָל דערגרייכט 30 — זענען פאַרטרעטן כמעט אַלע ליטעראַרישע זשאַנערן ווי: ליד, פּראָזע, עסיי, פּיעסע. ובכן — מיר האָבן פאַר זיך אַ גאָר שפּעדיקן שרייבער: 13 לידער־ביכער און 17 פּראָזע־ווערק, נישט רעכענענדיק זיינע פיל איבערזעצונגען, בעיקר פון דער רוסישער ליטעראַטור ווי: לערמאָנטאָוו, גאָגאָל, טורגעניעוו, פּושקין. א. זאַקס ביכער זענען פּרעמירט געוואָרן: מיט דער לויס לאַמעד־פּרעמיע, סטאָלער־פּרעמיע, סוראָוויטש־פּרעמיע, צבי קעסל־פּרעמיע, מאַנגער־פּרעמיע. אַ שיינע פּאָזיציע האָט זיך א. זאַק דערוואָרבן מיט זיינע דערשינענע פּראָזע־ביכער. דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן דאָס באַרימטע ערשטליגג־בעלעטריסטיש בוך

„אונטער די פליגל פון טויט״ (1921), וואָס האָט אויסגעהאַלטן 3 אויפ־לאַגעס. אין דער תקופה נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָכן דער־שיינען פון אָנרי באַרביס ווערק „פייער״ (1916), איז אין דער ייִדיש־ליטע־ראַטור א. זאַקס „אונטער די פליגל פון טויט״ געווען דאָס ערשטע מלחמה־בוך, וואָס שילדערט אויף אַ רעאַליסטישן אופן די גרויזאַמקייטן פון קריג. שפּעטער זענען צוגעקומען זיינע נאָוועלן, כראָניקס, דערמאָנונגען און די עפּאָפּייען פון ייִדישן וואָגל בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי די ביכער: „קנעכט זענען מיר געווען״ און „אויף שלאַכן פון הפקר״. איבער די פּראָזע־ביכער שוועבט דער הויך פון לירישן אָטעם, באַגלייט פון אַלט־ייִדישן זיפץ און מיט פאַרבאַהאַלטענע, נישט־אויסגעוויינטע טרערן.

צו זיינע 80 איז דערשינען פון א. זאַק אַ ניי לידער־בוך „אויף שטילע וועגן״, וואָס וועט, לאָמיר האָפן, נישט זיין די לעצטע ליטעראַרישע פּאָזיציע אין זיין רייכער שרייבערישער ביאָגראַפיע, ווי ער זינגט אַליין אינעם „פּרעלוד״־ליד פון דאָזיקן בוך:

אָ, ליד מייַנס, כ׳וועל מיט דיר זיך קיין מאָל שיידן —
אַפילו ביזן לעצטן טאָג.
פון אַלע שיינקייטן, פון אַלע פריידן
ביסטו מיין לויטערסטער פאַרמאָג.

שוין מיט זיינע ערשטע לידער — און אויך מיט די שפּעטערדיקע — האָט א. זאַק באַוויזן, אַז ער געהערט צו דער שול פון ראָמאַנטיזם. זיין דיכטערישער גאַנג האָט זיך פאָרמירט פון יענע אַלע מענטשלעכע און פּאָעטישע ווערטן, וואָס דער ראָמאַנטיזם האָט אַריינגעבראַכט אין דער ליטעראַטור. ער איז געוואָרן זיין געטרייער דינער און אויך זיין — געפּאַנ־גענער. וואָס איז אייגנטלעך די דעפיניציע פון ראָמאַנטיזם אין דער פּאָ־עזיע? דאָס איז, לדעתי, די רירנדיקע אינדיווידועלע ליריק, ווי אַן אויס־דרוק פונעם שאַפערס טעמפּעראַמענט, די טיפקייט פון זיין איבערלעבונג, וואָס לאָזט־נישט־איבער קיין שום אָרט פאַרן אינטעלעקט, פאַרן איבער־רעאַלן און פאַר דער קאָנטעמפּלאַטיווער אידעען־וועלט. דאָס מיינט נישט צו

זאָגן, אַז די דיכטונג פון ראָמאַנטישן נוסח האָט נישט איר אייגענע אידעען־לאָדונג. זי איז אָבער ווי געפּענטעט דורך דעם פּאַרנעם, דורך אַ באַשטימ־טער פאַרגליווערונג פון אויסדרוק־מיטלען, אָבער נישט אַן אינערלעך ליכט און זעליש פייער. אין דעם זין זענען א. זאַקס׳ לידער לגמרי נישט אָפּגע־טרעטן פונעם ראָמאַנטישן שולחן־ערוך, דאָס איז קודם כל: זיין אוממיטל־באַרע קלאָרע לעקסיק, די וואַרעמע פאָלקס־פּשטות, דער גוט־געצוימטער פערזן־בוי, פערזן, וואָס רירן מיט זייער באַשיידנקייט און מיטן אויפברויז פונעם דיכטערס נשמה. אַזאַ איז די אַטמאָספער, וואָס הילט־אַרום כמעט אַלע זיינע לידער. דאָס איז זיין אייגענער, ריטמיש־זינגענדיקער נוסח ווי אַ טרייער זינגער פון דער ראָמאַנטישער שול. אויך אין די נייע לידער פונעם בוך „אויף שטילע וועגן” פאַרראַט ער נישט זיין מוזע. ער זינגט אַן דעם אויפרייסערישן וואָרט־אימאַזש, אָן בליצן און פייערווערק, נאָר מיט גוטע, שטילע ווערטער, וואָס טראָגן צו צום אויער דעם פאַרגעסענעם אַקאָרד פון פאַרבענקטן, אַלט־היימישן גראַם און ריטמישקייט. וואָס אַזוינס האָט נישט באַזונגען זיין מוזע? ליבע און טויט, חלום און וואָר, בלומען און אייפּערזוכט, גורל און גזר, חורבן און סיבירער טייגע, שטאָט און דאָרף, נאָסטאַלגיע צום אַמאָליקן און ישראל־אויפקום, ביז פילאָזאָפישע שאלות און תשובות, אַריינגעפּאַסט אין קורצע לירישע פערזן.

נישט געקוקט אויף אַלע שטורעמס, נע־ונדן און חורבן, וואָס האָבן דעם פּאָעט אויפגעשווידערט ביז אין די טיפן — האָבן זיי דאָך נישט צעבראָכן אין אים די אַלט־היימישע פּאָעטישע ראָם, נישט זיין פערזן־בוי און נישט זיין גראַם. דאָס איז די טרייקייט און אומגעפּעלשטקייט פון א. זאַק צו זיין מוזע. זיין וועלט איז דער ראָמאַנטישער, עלעגישער ברונעם, פון וואַנען ער טרינקט־אָן זיינע יידישע פערזן. אַלס דיכטער שטייט ער ערגעצווו צווישן אַזעלכע דיכטער ווי דוד איינהאָרן, לייב ניידוס און ז. סעגאַלאָוויטש. אַלע פון איין דור האָבן זיי געהאַט אַ ווידערווילן קעגן שרייערישן מאָדערניזם און געדינט זייער לירישער אינטימיטעט און ראָ־מאַנטיזם, דעם סענטימענט און געפיל־אויפריכטיקייט. הגם יעדער פון זיי האָט אַריינגעשטעלט זיינע אייגענע ציגל אינעם בנין פון דער יידישער פּאָעזיע, פאַרבינדט זיי אָבער דאָך יענע תקופה פון ראָמאַנטיזם, פון יענער

עפּאָכע אין יידישן לעבן, וואָס טראָגט אין זיך דעם טרויער און דעם שוידער פון האָפענונגלאָזיקייט, פון צעפאַלנקייט, דעם שווערן גזר־דין פאַר אַלע שיינע מסורותדיקע יידישע היימען. זייער געמיינזאַמער באַרטן איז די נאָסטאַלגיע, די עלעגיע פון צער און דער „ליכטיקער חלום". זינגט טאַקע זאַק אין „נאַכטיקע געסט":

די נאַכטיקע געסט, אין מיין חלום וואָס קומען
פון ליכטיקע יאָרן, וואָס לאַנג שוין פאַרשוווּמען
...איך רוף זיי, איך בעט זיי, איך וויל זיי פאַרהאַלטן
די געסט פון אַמאָל, מיינע נאָענטע געשטאַלטן.
געבליבן די נאַכטיקע געסט אין מיין זינען,
ווען כ׳האָב מיך דערזען אינעם גרויען באַגינען,
געבליבן דער דופט נאָר פון פרילינג פון ווייטן,
פון ליכטיקן חלום, פון ליכטיקע צייטן — — —

אָדער:

ווּעסט זיכער מיך אַמאָל דערמאָנען,
די רגעס ביים געברויז פון ים, —
ווען כ׳וועל נישט זיין שוין. נאָר אַ זכר
וועט זיין מיין ליד, מיין גראַם און שטראַם...

און אויב אין שעה פון מענטשלעכער איינזאַמקייט רייסן זיך אַרויס פון זיין פען די עלעגישע שורות:

עס וועלן נאָר בלייבן די לידער־יתומים
אויף פּאַליצעס דאָרטן און דאָ...
וועט אפשר אַמאָל ווער די בלעטער אַ מיש טאָן,
דערמאָנען אין שטיל־שטילער שעה — — —

ווייסן מיר, אַז אברהם זאַק האָט אַריינגעטראָגן אין דער יידישער דיכטונג נישט בלויז דעם „גראַם־שטראַם", אַז די „לידער־יתומים" אין

יִדיש דערציילן מיט זייער עלעגישן ניגון פון אַלע נע־ונדן און ביטערע דאַליעס פון אַ פאַרוואָגלטן פּייטן, וואָס האָט צווישן דעם גוססדיקן ראָמאַנ־טיזם און דעם אכזריותדיקן רעאַליזם פון זיין תקופה, אָפּגעהיטן אין זיך — און אויך פאַר דער יִדיש־ליטעראַטור — דאָס ערלעכע, אומפאַרפּוצטע פּאָעטישע וואָרט, עס געמאָסטן און געוויגן אויף אַ גישט־געפּעלשטער מאָס און וואָג פון טיפער מענטשלעכער איבערלעבונג און אין שטילער, פאַרבענקטער ליריק.

# אינהאַלט

## ביכער פון ישעיהו שפּיגל

יידיש:

### מיטן פּנים צו דער זון
לידער

פאַרלאַג „אַלפאַ", לאָדזש, 1930

### מלכות געטאָ
נאָוועלן

פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947

### שטערן איבערן געטאָ
נאָוועלן

פאַרלאַג „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק" ביי דער אָרגאַניזאַציע
פון די פוילישע יידן אין פראַנקרייך, 1948

### מענטשן אין תהום
נאָוועלן

פאַרלאַג „איקוף", בוענאָס־איירעס, 1949

### און געוואָרן איז ליכט
לידער

פאַרלאַג „יידיש־בוך", וואַרשע־לאָדזש, 1949

### ליכט פונעם אָפּגרונט
נאָוועלן

פאַרלאַג „ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק" ביים אַלוועלטלעכן
יידישן קולטור־קאָנגרעס פאַראייניקט מיט „ציקאָ", 1955

### די בריק
נאָוועלן

פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, 1963

### פלאַמען פון דער ערד
ראָמאַן

פאַרלאַג „ישראל־בוך", תל־אביב, 1966

**שטיגן צום הימל**
ראָמאַן
פאַרלאַג „ישׂראל־בוך“, תל־אביב, 1966

**געשטאַלטן און פּראָפילן**
ליטעראַרישע עסייען — ערשטער בוך
פאַרלאַג „המנורה“, תל־אָביב, 1971

**די קרוין**
דערציילונגען
פאַרלאַג „ישׂראל־בוך“, תל־אביב, 1973

**שטערן לײַכטן אין תהום**
געזאַמלטע דערציילונגען — צוויי בענד
פאַרלאַג „ישׂראל־בוך“, תל־אביב, 1976

**צווישן תּוו און אַלף**
לידער
פאַרלאַג „ישׂראל־בוך“, תל־אביב, 1978

**צוויי דערציילונגען ✶ שני סיפּורים**
מיִדיש: מרדכי אמיתי
פאַרלאַג „ישׂראל־בוך“, תל־אביב, 1978

**אַ. סוצקעווערס לידער פון טאָגבוך**
עסיי
קאָמיטעט פאַר ייִדיש און ייִדישער קולטור
פאַרלאַג „ביבלוס“, 1979

עברית:

**מלכות גיטו**
סיפורים, תרגם: א. ד. שפיר, מבוא: ד. סדן
הוצאת הקיבוץ המאוחד, תל־אביב, 1952

**ערומים בטרם שחר**
רומן, תרגם: א. ד. שפיר
הוצאת ספרית פועלים, תל־אביב, 1968

**אור מעמקי תהום**

ל״ו סיפורי שואה, תרגמו: א. ד. שפיר, בנימין טנא
הקדמה: ד. סדן, סוף דבר: י. גלאַטשטיין

הוצאת י. ל. פרץ, תל־אביב, 1969

**מדרגות אל השמים**

רומן, תרגם: א. ד. שפיר

הוצאת עם עובד, ספריה לעם, תל־אביב, 1970

**הגשר**

סיפורים, תרגם: נפתלי גינתון

הוצאת ספרית פועלים, תל־אביב, 1974

**האשמורת השלישית**

סיפורים, תרגמו: מ. אמיתי, נ. גינתון

הוצאת הקיבוץ המאוחד, תל־אביב, 1976

**שני סיפורים ✶ צוויי דערציילונגען**

תרגם: מרדכי אמיתי

הוצאת ספרים „ישׂראל־בוך״, תל־אביב, 1978

פראַנצייזיש:

**LES FLAMMES DE LA TERRE**

(פלאַמען פון דער ערד)

Traduit: Rachel Ertel, Editions Gallimard, 1973

**UNE ÉCHELLE VERS LE CIEL**

(שטיגן צום הימל)

Roman

Traduit: Rachel Ertel, Editions Gallimard, 1979

